ש. ז. שרגאי

# וווהין?

## יידישע קעגנוואַרט און צוקונפט



פֿאַרלאַג אונזער וועג פּאַריז

1968

ש. ז. שרגאי

# וווהין?

## יידישע קעגנוואַרט און צוקונפט

פאַרלאַג „אונזער וועג", פּאַריז

# וווהין ?

## אַרײַנפֿיר

די וועלט מאַטערט זיך: וווהין? די ייִדישע וועלט מאַטערט זיך, זי וויל נישט ווערן גויאיש, זי וויל זיך אָבער באַפֿרייען פֿונעם ייִדישן לעבן, גענאַרנדיק זיך, אײַנרעדנדיק זיך אַז מען קען זײַן ייִדיש אָן ייִדיש לעבן.

די בראָשור פּרובירט קלאָר מאַכן אַז ייִדיש הייסט ייִדיש לעבן; אַז ייִדיש לעבן הייסט אויך מענטשלעך לעבן. וואָלטן ייִדן אָנשטאָט צו לעבן אין דער פֿרעמד, אין גלות, אַ פֿרעמד לעבן, עולה געווען קיין ארץ־ישראל, אין מדינת ישראל און דאָ געלעבט אַ ייִדיש לעבן בין אדם למקום און בין אדם לחברו — וואָלט מדינת ישראל אין איר לעבנס־אַרט געווען אַן ענטפֿער אויף דער וועלט מאַטערנדיקער פֿראַגע: וווהין?

איז דער קונטרס נישט אויסן אַרײַנצוגיין אין די פֿילאָזאָפֿישע פּראָבלעמען פֿון ייִד און מענטש. דער קונטרס וויל נאָר ציען די

איינמערקזאמקייט עפעס צו לערנען פונעם לעבן זעלבסט, פונעם מענטשלעכן און פון יידישן. „מבשרי אחזה אלוקי".

אויב דער קונטרס „וווהין ?" וועט ברענגען די לעזער, נאָך אפילו א טייל פונעם לעזער צו פארטראכטן זיך און זיך שטעלן די פראגע „וווהין ?" וועט עס שוין זיין א פארדינסט פאר דעם שרייבער פון די שורות. ווייל אין דעם פרעגן, אין דעם זוכן ליגט שוין דער ענטפער. ווען אברהם אבינו האָט געפרעגט: איז די וועלט אָן א מנהיג, וועלכער האָט באשטימט די אַלע אייבי־קייטס־נאטור־געזעצן — איז באלד געקומען דער ענטפער: אני הוא בעל הבירה. די נאטור אליין — ווען מען פארטראכט זיך אין איר, זאָגט עדות אויף דעם בעל־הבירה.

השמים מספרים כבוד א־ל ומעשה ידיו — מגיד הרקיע!

די יידן מאמינים וועלן אפשר אויך געפינען אין דעם קונטרס עפעס פון „ודע מה שתשוב" און מוסיף זיין התחזקות אין דער אמונה, קענען מקיים זיין דעם „לא להתבייש מפני המלעיגים".

דער פרק באמערקונגען — איז אַן אויפקלערונג אויף פארשי־דענע באמערקונגען אין דער פרעסע אויף די צען פרקים אין קונטרס. אַז דער קונטרס זאָל זיין א שער לדופקי בתשובה.

מיין תפילה איז: זאָל זיין באוויליקט ביים רבונו־של־עולם אַז דער קונטרס זאָל זיין א שער לדופקי בתשובה.

**שז"ש**

ירושלים השלימה, בארץ ישראל המשוחררת, תשכ"ח.

## פרק א

# האורה היכן היא?

דער קאָמוניזם האָט געדאַרפט לויט זיין אידעאָלאָגיע ברענ־גען אויף דער וועלט גלייכהייט און פרייהייט פאַר דעם יחיד און שלום צווישן לענדער און פעלקער. לפּחות צווישן די לענדער און פעלקער, וועלכע האָבן איינגעפירט דעם קאָמוניסטישן לעבנס־וועג.

וואָס פאַר א פּנים עס האָט די גלייכהייט פאַר יחידים „און" קלאַסן־פאַרטיילונג, ווייסן מיר דאָך אלע. ווי שטאַרק עס איז די פרייהייט פון יעדן יחיד, בלויז צו טראַכטן אפילו — איז אויך קיין סוד נישט. אויף א באַזונדערן אופן באַווייזט עס כינע אין איר „קולטורעלער איבערקערעניש". אָבער אויך פון דער־האָפענונג אַז צווישן די קאָמוניסטישע לענדער און פעלקער וועט הערשן שלום, וועט זיין א צוזאַמענרעדונג — האָט זיך גאָר נישט אויסגעלאָזט. מען קען זאָגן, אַז היינט־צו־טאָג איז דאָ מער צוזאַמענרעדונג צווישן קאָמוניסטישע און נישט־קאָמוניס־טישע לענדער, ווי צווישן די קאָמוניסטישע לענדער. באַזונדערס קומט עס צום אויסדרוק אין דער כמעט מלחמה־שטימונג צווישן ראַטנפאַרבאַנד און כינע.

דאָס הייסט, אַז אויך דער קאָמוניסטישער פּרווו, וועלכער האָט נעדאַרפט, לויט די וועלכע האָבן נעגלייבט אין אים, ברענגען

דער מענטשהייט מער מנוחה און שלום, גלייכהייט און פרייהייט, האָט זיך נישט איינגעגעבן.

דאָס הייסט, אַז אפילו ווען אַלע לענדער און אַלע פעלקער וואָלטן אָנגענומען דעם קאָמוניסטישן רעזשים — וואָלט דאָך נאָך נישט פאַרזיכערט קיין גליק דער מענטשהייט, נישט דעם יחיד און נישט די לענדער און פעלקער. עס ווייזט זיך נאָך אַרויס, אַז אויך לענדער און פעלקער פון קאָמוניסטישן רעזשים קענען צווישן זיך נישט לעבן בשלום, און אַז אויך די רעזשימען איז נישט געלונגען צו געפינען דעם וועג: ווי אַזוי ברענגט מען גליק פון גלייכהייט און פרייהייט יעדן יחיד, און גליק פון שלום צווישן לענדער און פעלקער.

זיינען נישט די שורות אויסן צו ווייזן און אונטערצושטרייכן דעם דורכפאַל פון קאָמוניזם. הלוואי וואָלטן די קאָמוניסטישע לענדער מצליח געווען צו געבן אמתע גלייכהייט און פרייהייט דעם יחיד און שלום דעם כלל. אַלע לענדער און פעלקער, אפילו די, וועלכע זיינען קעגן דער קאָמוניסטישער אידעאָלאָגיע, וואָלטן זיך דעמאָלט געמוזט פאַרטראַכטן: אפשר? אפשר איז דאָס דער וועג, וועלכער פירט צו לייזן דעם אייביקן מאַטערנדיקן מענטשלעכן פּראָבלעם: ווי אַזוי צו פאַרזיכערן גלייכהייט און פרייהייט דעם יחיד און שלום דעם כלל. — די שורות זיינען אויסן צו ווייזן, אַז אויך דער פּרווו פון דער קאָמוניסטישער אידעע צו ברענגען גליק און שלום דער וועלט איז נישט געלונגען, און די וועלט שטייט ווייטער פאַר דער אַלטער פראַגע: „האורה היכן היא?" — דאָס ליכט ווו איז? ווו איז דאָס ליכט, וואָס זאָל ווייזן דעם מענטש און פעלקער דעם ליכטיקן, גליקלעכן, שלומדיקן לעבנס־וועג?

עס איז נישט קיין טרייסט צו ווייזן, אַז אַנדערע רעזשימען האָבן אויך נישט געברענגט קיין גליק און האָבן אויך נישט געפונען דעם גליק און שלום־ענטפער. אוודאי, וואָלטן אַנדערע אידעען און רעזשימען געפינען דעם וועג, וואָלט דאָך דער קאָמו־ניזם אויף דער וועלט נישט געקומען. דער קאָמוניזם איז דאָך אויך נאָר אַ רעזולטאַט פון דער נישט־גליקלעכער לייזונג פון די אַלע פּראָבלעמען דורך אַנדערע רעזשימען, כאָטש מען מוז מודה זיין, אַז וואָס נוגע פרייהייט פאַרן יחיד, האָבן די נישט־קאָמוניסטישע רעזשימען מצליח געווען מער ווי די קאָמוניס־טישע רעזשימען. — די פראַגע איז נישט איצט, ווער האָט וויניקער מצליח געווען. אין ליכט פון די נישט־שלום באַצי־אונגען צווישן קאָמוניסטישע לענדער און כמעט מלחמה־שטימונג צווישן די צוויי גרעסטע קאָמוניסטישע לענדער און אינעם ליכט פון דער נישט אַזוי שטאַרקער ידידות צווישן לענדער פון אַנדערע רעזשימען — שטייט די פראַגע: וווהין? איז טאַקע נישטאָ קיין שום וועג אויסצומיידן דעם חרב איש ברעהו? איז נישטאָ קיין וועג פון אמתער גלייכהייט און פרייהייט? איז טאַקע „יצר לב האדם רע מנעוריו״ און עס איז נישטאָ קיין שום אויסוועג?



אָבער נישט בלויז רעזשימען איז נישט געלונגען צו לייזן דעם מענטשלעכן פּראָבלעם פון שלום און פרייהייט, אויך ראַסן־ציגעבונדנקייט און רעליגיעזע איינהייט איז דאָס נישט געלונגען. די „אהבה״, וואָס הערשט צווישן די קריסטלעכע לענדער און פעלקער — איז דאָך קיין סוד נישט. און די גרויסע „ידידות״

צווישן אראבישע לענדער און מוסולמענישע, איז דאָך אויך א כוד פאר גאנץ בראָד.

## אחדות האומה

אן אויסנאם אין דער הינזיכט איז דאָס יידישע פאָלק, וועלכע יידן אין דער גאנצער וועלט, ווו זיי זאָלן זיך נישט געפינען, אין די פארוואָרפנסטע ווינקעלעך אין דער וועלט, אונ־מער פארשידענע רעזשימען — זעען זיך אלס קינדער פון יידישן פאָלק. דאָס יידישע פאָלק זעט זיך אלס איינהייטלעך פאָלק נישט דורך טעריטאָריאלע גרענעצן, נאָר דורך גאנץ אנדערע ווערטן, וואָס אפילו נישט־פרומע יידן פילן זייער דאָזיין. און פאר פרומע יידן איז עס קלאָר: „היום הזה נהית לעם". עס איז נישט קיין צופאל, וואָס אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן יידישע זעל־נער אין די פארשידענע לענדער געטראָגן אין זיך די מורא און פחד, טאָמער חלילה, אין צוזאמענשטויס מיט אנדער מיליטער, וועט ער דערהרגענען א ייד. די מורא און פחד האָט אָנגעפילט יידישע הערצער נישט ווייניקער ווי דער פחד אליין צו פאלן אין דער מלחמה. אמת, אז די אידעאָלאָגיע פון „נהיה ככל הגויים" האָט איר השפעה אויך אויף דעם געביט פון אחדות ישראל, פון „ישראל עם אחד". די ערשטע שפּראָצונגען זעט מען אין דעם ווילן פונאנדערצוטיילן צווישן יידן ישראל־בירגער און יידן אין דער גאנצער וועלט. למעשה הייסט דאָס, אז מען וויל שאפן א ניי פאָלק, א ישראל־פאָלק. עס זיינען אפשר גערעכט די וואָס טענהן, אז דאָס הייסט נישט שאפן צוויי יידישע פעלקער. צוויי יידישע פעלקער קענען נישט זיין און זיינען נישט געווען. דאָס הייסט „נאָר" אָפּרייסן א טייל פון יידישן פאָלק און שאפן א

ניי פֿאָלק, אַ „ישׂראלי־פֿאָלק", וועלכעס וועט מיט דער צייט נישט האָבן קיין שייכות מיטן יידישן פֿאָלק.

דאָך גלויבן מיר באמונה שלימה, אַז דער פּרווו וועט נישט געלינגען. אַזוי ווי אין יעדן דור זיינען געווען „אָפּפֿאַלער" פֿון יידישן פֿאָלק, דורך גוואַלד־שמד, אָדער ווילן־שמד, קען זיין אַז אויך אין אונזער דור, דווקא אין מדינת ישׂראל, וועלן זיין ישׂראלי־אָפּפֿאַלער. דאָס איז דער סם, וואָס דאָס שלעכטס זיינס סומט פֿונעם גוטס. די סיטרא־אחרא באַקומט אויך אַ חלק אין דעם גרויסן נס פֿון דער ווידער־אַנטשטייאונג פֿון מדינת ישׂראל. אָבער דער אָפּפֿאַל איז נישט מער ווי די בלעטער־אָפּפֿאַלן ביי פֿרוכטן. דער יסוד פֿון קיום פֿון יידישן פֿאָלק איז „אתה אחד ושמך אחד ומי כעמך ישׂראל גוי אחד בארץ". דווקא אין ארץ־ישׂראל.

## וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס

נישט צו באַהאַנדלען דעם איינהייטס־פּראָבלעם פֿון יידישן פֿאָלק איז די כוונה, נאָר צוריקצוקומען צו דער הויפּט־פֿראַגע: נאָך דעם באַנקראָט פֿון די אַלע אידעאָלאָגיעס, וואוהין גייען מיר?

איז דער ענטפֿער נישט קיין פּשוטער. ער איז נישט פּשוט, ווייל טראָץ אַלע אַנטוויקלונגען קלאָמערט מען זיך אין די ליגנס פֿון די אידעאָלאָגיעס און מען נאַרט זיך אַליין.

די געגנאַרעריי באַשטייט צוו. אַנד. אין פֿאָלגנדעס:

א) מען רעדט זיך איין, אַז דער רעזשים טויג נישט און דער רעזשים אָדער אַ צווייטער איז דאָס וועלט־אומגליק. מען

מאַכט זיך פאַרגעסן, אַז נישט דער רעזשים שאַפט דעם מענטש, נאָר דער מענטש שאַפט דעם רעזשים. אוודאי, דער רעזשים קען צוהעלפן צום שלעכטן אָדער צום גוטן. דער יסוד איז דאָך אָבער וואָס וויל דער מענטש? וויל ער גוטס, מאַכט ער אַ גוטן רעזשים, וויל ער שלעכטס, מאַכט ער אַ שלעכטן רעזשים...

ב) דער מענטש רעדט זיך איין, אַז ער ווייסט וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס. פון דאַנען דער גרויסער אונטערשיד צווישן דער אויפפאַסונג פון גוטס און שלעכטס צווישן מענטשן און פעלקער, וואָס ביי איינעם הייסט גוטס איז ביים צווייטן שלעכטס.

כל זמן מען וועט זיך נישט באַפרייען פון די צוויי פאַלשע אַקסיאָמעס, וועט זיך נישט געפינען דער וועג פאַר אמתער גלייכהייט, פרייהייט און שלום צווישן מענטש און מענטש, פאָלק און פאָלק, מדינה און מדינה.

אַזוי לאַנג ווי מען וועט זיך געגאַרן אין די צוויי אויבנדער־מאָנטע פאַלשע אַקסיאָמעס — וועט יעדער איינער וועלן מזכה זיין דעם צווייטן מיט „זיין גוטס" מיט כוח, מיט גוואַלד, מיט פייער און וואַסער.



אוודאי זיינען דאָ נאָך סיבות צו דער נישט־גלייכהייט און ־פרייהייט, צו דעם נישט־שלום, וואָס הערשט היינט צווישן מענטש און מענטש, פאָלק און פאָלק. דאָס זיינען קנאה, תאווה, וועלכע אַנטוויקלט זיך אין היינטיקן דור אין איר גאַנצער ווילדקייט און

מיאוסקייט, און כבוד, וועלכע איז א קרענק, פון וועלכער קיינע־איז כמעט נישט פריי פון איר — אָבער דער יסוד פון אַלעם ליגט אין דעם טעות, אַז דער רעזשים איז דער יסוד פון אַלע אומגליקן און, אַז דער מענטש קען באַשטימען, וואָס איז נוטס און וואָס איז שלעכטס.



וואָס איז דער יידישער רעצעפּט צו דער מענטשלעכער קראַנקהייט ?

# פרק ב

# יידישער ענטפער

„כי מלאה הארץ דעה את השם כמים לים מכסים"
(ישעיה יא, ט)

א.

ווען מען רעדט וועגן יידישן צוגאַנג צו לייזן די מענטשלעכע אַנגעווייטיקסטע פּראָבלעמען, אין וועלכע מען מאַטערט זיך אָן אויסוועג פּאָרלויפיק, דאַרף מען געדענקען, אַז „יידישער ענטפער" מיינט יידיש־אמתדיק. יידיש־אמתדיק מיינט יידישע אמונה, יידישע תורה, מצוות און מעשים טובים. נישט פאַרגויאישט יידיש, נישט פאַרפרעמדט יידיש. נישט שעטנז־יידיש פאַרשמירט מיט פאַרשידענע נישט־יידישע אויפפאַסונגען און לעבנס־אַרטן.

דאָס מיינט קלאָר צו מאַכן, אַז נישט אַלע ענטפערס אויף די מענטשלעכע פראַגן, וועלכע ווערן געגעבן דורך יידן, זיינען שטענדיק יידיש. מיט 1967 יאָר צוריק האָט אַ ייד געפּרוווט געבן אַן ענטפער, אָבער דער ענטפער איז נישט געווען קיין יידישער. און דווקא דאָס יידישע פאָלק האָט טייער באַצאָלט פאַר דעם נישט־יידישן ענטפער, וועלכן עס האָט געגעבן אַ ייד. אויך אין די לעצטע הונדערט יאָר האָט אַ ייד געפּרוווט געבן אַן ענטפער,

אָבער דער ענטפער איז נישט געווען קיין יידישער און דווקא יידן האָבן זייער טייער באַצאָלט פאַר דעם נישט־יידישן ענטפער און ביז איצט געפינען זיך דריי מיליאָן יידן „בצרה ובשביה" אַ דאַנק דעם נישט־יידישן ענטפער פון אַ יידן.

בקיצור: יידיש מיינט, יידיש־אמתדיק, פונדאַמענטירט אויף דער יידישער אמונה און תורה.



די חז"ל זאָגן אונז, אַז דער רבונו של עולם האָט אַריינגע־קוקט אין דער תורה און האָט באַשאַפן די וועלט. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז דער לעבנס־אַרט ווי ער קומט צום אויסדרוק אין דער תורה (ווען מען רעדט תורה מיינט מען תורה שבכתב און תורה שבעל־פה), דאָס איז דער לעבנס־וועג פאַר דעם קיום פון דער וועלט ווו עס זאָל זיך נישט געפינען ווער עס זאָל זאָגן „צר לי המקום"; דאָס מיינט, אַ וועלט וועלכע יידן וועלן פאָרמירן ווען זיי וועלן זוכה זיין, אין־ישראל, לויט דער „תורה צווה לנו משה". דאָס איז דער וועג וועלכער פירט צום אייביקן שלום פון לא ישא גוי אל גוי חרב. דאָס איז אַ תורה־וועלט וואָס איז דער לעבנס־וועג פון „קהלת יעקב".

אַנדערע וועלטן, אָפּגעפרעמדט פון דער יידישער אמונה, פון דער יידישער תורה, זיינען נישט קיין יידישע וועלט, און קענען נישט זיין קיין שלום־לייזונג פאַר דער כלל־וועלט.

דער יידישער ענטפער, דאָס הייסט, דער תורה־ענטפער אַנט־האַלט אין זיך אַ דאָפּלטן ענטפער: א) ענטפער וואָס איז נוגע ספּעציעל יידן; ב) ענטפער וועלכער איז נוגע דער מענטשהייט בכלל.

## ב.

וואָס איז דער יידישער צוגאַנג צו דעם מענטשלעכן מאָטערנ־דיקן פּראָבלעם: וווהין? ווי אַזוי זעען מיר די „ימות המשיח" פאַר אונז יידן און פאַר דער מענטשהייט בכלל?

זאָגט אויף דעם דער רמב"ם סוף הלכות מלכים סימנים ד־ה:

„לא נתאוו החכמים והנביאים ימות המשיח, לא כדי שישלטו על כל העולם, ולא כדי שירדו בגויים, ולא כדי שינשאו אותם העמים, ולא כדי לאכול ולשתות ולשמוח — אלא כדי שיהיו פנויין בתורה וחכמתה; ולא יהיה להם נוגש ומבטל — כדי זוכה צו זיין „לחיי עולם הבא".

אין פרייער איבערזעצונג לייענט זיך דאָס:

די חכמים און נביאים האָבן נישט געגלוסט צו „ימות המשיח", נישט כדי צו הערשן אויף דער וועלט, נישט כדי צו באַהערשן די גויים, נישט כדי די פעלקער זאָלן זיי אָפּגעבן כבוד און נישט כדי צו עסן און צו טרינקען — נאָר כדי צו זיין פריי אין תורה און איר חכמה און זאָלן נישט האָבן קיין באַצווינגער, וועלכע זאָלן זיי מבטל מאַכן פון דער תורה. דאָס אַלץ איז כדי זוכה צו זיין „לחיי עולם הבא".

דאָס זיינען די „ימות המשיח" פאַר יידן. וואָס מיינט „ימות המשיח" פאַר אַלע, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט?

זאָגט דאָרט דער רמב"ם:

„ובאותו הזמן לא יהיה שם לא רעב ולא מלחמה, ולא קנאה

ותחרות, שהטובה תהיה מושפעת הרבה וכל המעדנים מצויין כעפר. ולא יהי עסק כל־העולם אלא לדעת את השם בלבד. ולפיכך יהיו ישראל חכמים גדולים ויודעים דברים הסתומים וישיגו דעת בוראם כפי כח האדם, שנאמר: כי מלאה הארץ דעה את השם כמים לים מכסים".

אין פרייער איבערזעצונג:

אין דער צייט וועט נישט זיין קיין הונגער און קיין מלחמה, נישט קיין קנאה און קאָנקורענץ, דאָס גוטס וועט זיין בשפע נע־נוג, אַלע מעדנים וועלן זיך וואַלגערן ווי זאמד, און די באַשעפ־טיקונג פון דער גאַנצער וועלט וועט זיין נאָר ווי צו וויסן נ־ט. דעריבער וועלן דעמאָלט זיין יידן גרויסע חכמים און וועלן וויסן די אומקלאָרקייטן און וועלן באַגרייפן דעם באַשעפער לויט מענטשלעכן פאַרשטאַנד. אזוי ווי עס שטייט (ישעיה יא, ט): די וועלט איז פול געוואָרן מיט דעת־השם, אזוי ווי וואסער דעקט צו ים.



דאָס פאַרקערטע פון דעם אַלעם אויבן־געזאָגטן איז גלות פאַר יידן און צרות פאַר דער גאַנצער וועלט.

ג.

די יידישע אויפפאַסונג פון גוטס און שלעכטס פאַר יידן און נישט־יידן דערקלערט אונז אַן אַנדערע הלכה דער רמב"ם אין סוף הלכות שמיטה ויובל פי"ג:

„...כל איש ואיש מכל באי העולם אשר נדבה רוחו אותו והבינו מדעו להבדל לעמוד לפני השם לשרתו ולעבדו לדעה את השם והלך ישר כמו שעשהו האלוקים ופרק מעל צוארו עול החשבונות הרבים אשר בקשו בני האדם — הרי זה נתקדש קודש קדשים ויהיה השם חלקו נחלתו לעולם ולעולמי עולמים".

אין פרייער איבערזעצונג:

יעדער מענטש פון דער וועלט (דאָס הייסט אויך אַ נישט־ייד), וועלכער זיין גייסט האָט אים באַוויליקט און זיין וויסן האָט אים נעבערענגט צו פאַרשטיין זיך אָפּצוזונדערן און שטיין פאַרן רבונו של עולם, אים צו דינען און אים צו וויסן, און ער נייט אין דעם גלייכן וועג אַזוי ווי ג־ט האָט אים באַשאַפן נישט צו־זוכן אַ סך חשבונות (אשר עשה האלוקים את האדם ישר והמה בקשו חשבונות רבים — קהלת), און האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם עול פון די „חשבונות רבים" וואָס מענטשן זוכן — דער ווערט הייליק, „קודש־הקדשים" און דער רבונו של עולם וועט זיין, זיין חלק און נחלה אייביק, לעולמי עולמים.

נאָך ווייט־גייענדיקער איז דער תנא דבי אליהו רבא פרק ט:
„אמר אליהו: מעיד אני עלי את השמים ואת הארץ — בין ישראל ובין עכו"ם, בין איש בין אשה, בין עבד בין שפחה, הכל לפי המעשה שהוא עושה, רוח הקודש שורה עליו".

אין פרייער איבערזעצונג:

האָט געזאָגט אליהו: כ'זאָג אויף מיר עדות הימל און ערד — סיי יידן סיי עכו"ם (עובדי כוכבים ומזלות), סיי אַ מאַן סיי אַ פרוי, סיי אַ שקלאַף סיי אַ שקלאַפין — אַלץ ווענדט זיך אין

די מעשים וואָס ער טוט. לויט די מעשים (אויב זיי זיינען גוטע) — רוט אויף זיי רוח הקודש".



איז נישט די כוונה דאָ צו געבן אַן אויספירלעכן ענטפער לפרטי־פרטים, ווי איז דער וועג וועלכער פירט צו דעם יידישן און מענטשלעכן ימות המשיח, נאָר אָנצייכענען עטלעכע הויפּט־יסודות וועלכע זיינען אַ יסוד און פירן צו אַ צוזאַמענלעבן צווישן ייד און ייד, מענטש און מענטש, פאָלק און פאָלק, ביז מיר וועלן זוכה זיין אַז עס וועט מקויים ווערן די תפילה „ויעשו כולם אגודה אחת". צו דעם וועלן מיר זוכה זיין ווען מיר וועלן פאַרשטיין אַז דער תכלית אי פון ידן, אי פון מענטש איז: „לעשות רצונך בלבב שלם".

ד.

## דער מענטש איז בעל־הבית איבער זיך

איינער פון די הויפּט־יסודות פון יידנטום איז „בחירה". יעדער מענטש האָט בחירה צו טאָן וואָס ער וויל און ווי אַזוי ער וויל. ער קען טאָן גוטס, ער קען טאָן שלעכטס. דער מענטש איז נישט נעצוואונגען דורך קיין שום כוח, נישט קיין אינערלעך־מענטשלעכן כוח און נישט דורך קיין איבערמענטשלעכן כוח — צו טאָן גוטס אָדער שלעכטס, ווען ער וויל נישט. „אין לך דבר העומד בפני הרצון". עס ווענדעט זיך אַלץ אינעם ווילן פונעם מענטש, אין זיין בחירה, אין זיין רצון.

אוודאי האָט דער מענטש צוויי מעקלער־עבירות, אָדער עבי־רות־מעקלער, דאָס זיינען די אויגן, וואָס זיינען גרויס און זעען אַלץ ביים צווייטן מיט גרויסע אויגן און דאָס האַרץ, וועלכעס

גלוסט צו אַלץ וואָס די אויגן זעען און ברענגען צו קנאה, ממילא צו שנאה; די אויגן און דאָס האַרץ ברענגען אויך צו דער צוויי־טער מידה פון תאווה, וועלכע דערפירט צו אַלדאָס בייז און שלעכטס; די אויגן און דאָס האַרץ זיינען אויך די כבוד־מעקלער, וועלכע דערוועקן ביים האַרץ דעם חשק נאָך כבוד. אָבער די עבירות־מעקלער ליגן אויך אין דעם רצון, אין דער בחירה פונעם מענטש. „ולא תתורו אחרי לבבכם ואחרי עיניכם".

זיינען אין דעם דאָ פאַרשידענע מדרגות. עס זיינען אַפילו דאָ אַזעלכע, וועלכע האַלטן, אַז מען קען זיך רייצן מיטן יצר־הרע. „גירא בעיניה דשיטנא"; אַז מען קען זיין אַרויסרופעריש, „לעולם ירגיז אדם יצר טוב על יצר הרע" — אָבער רייצן זיך מעג מען נאָר, ווען מען איז ביי זיך זיכער אַז מען איז גענוג שטאַרק, נישט צעביסן צו ווערן דורכן הונט, וועלכן מען צערייצט... איז מען נישט זיכער, און דער רוב וועלט איז נישט זיכער, אַז ער קען ביישטיין דעם יצר הרע, אויף דעם זאָגט עדות דאָס לעבן — טאָר מען דעם יצר הרע נישט צערייצן. דאַרף מען אים אויסמיידן אויף וויפיל נאָר מעגלעך. דאָס איז די כוונה פון אַלע סיגים.

„אברהם אבינו עשה יצר הרע טוב. אבל דוד לא היה יכול לעמוד בו והרגו בלבבו" (ירושלמי ברכות ט).

אָבער איין זאַך איז קלאָר, אַז די אַלע יצר־הרע'ס קענען נישט צווינגען, מכריח זיין, דעם מענטש צו טאָן וואָס ער וויל נישט. א סך מאָל רופט דער מענטש אַליין אַרויס דעם יצר־הרע.

בחירה — איז דער יסוד, וואָס מאַכט דעם מענטש פאַר א בן־חורין, גיט אים דאָס געפיל פון חרות. מאַכט אים פאַר א „בעל רצון", וועלכער שעפּט זיין כוח פון דעם חלק אלוקי ממעל.

נעמען מיר נישט אָן דעם יסוד פון בחירה, איז דער מענטש דאַן נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים. דאַן איז דער מענטש מיט זיין שכל צוזאַמען נישט מער ווי אַ בהמה, אַ חיה. אפשר נאָך עפּעס ווייניקער, ווייל אַ בהמה, אַ חיה, פילט אויך די געפאַר, די סכנה, וועלכע דערנענטערט זיך צו זיי אָדער זיי דערנענטערן זיך צו דער געפאַר. אויב דער מענטש האָט נישט קיין בחירה, איז איבערהויפּט נישטאָ דער פּראָבלעם פון גוטס און שלעכטס, גוטע מעשים אָדער שלעכטע, ווען דער מענטש „מוז" נעבעך אַלץ טאָן...

דער געדאַנקען־גאַנג פון „הכרח" איז אָפּגעפּרעגט פונעם טאָג־טעגלעכן לעבן, ווען מיר זעען אַז מענטשן זיצן און טראַכטן, זיינען זיך מיישב: יאָ טאָן, נישט טאָן, ווי אַזוי צו טאָן א. א. וו.

אוודאי קען דער מענטש האָבן אַ טעות אין שקול־הדעת, איז ער דאַן אַ שוגג. אָבער ער איז נישט געצוווּנגען. ער האָט נאָר שלעכטס אויסגעקליבן. דאַן איז דער וועג — תשובה.

איז דער מענטש אַ בעל־בחירה — איז דאָך דאָס גוטס און שלעכטס אין דעם לעבן פונעם יחיד און פונעם כלל אַ פּראָדוקט פון דעם וואָס מענטשן האָבן בוחר געווען, וואָס מענטשן האָבן געוואָלט און ווילן...



דער מענטש שאַפט דעם רעזשים און נישט דער רעזשים שאַפט דעם מענטש.

# פרק ג

# בחירה

א.

דער מענטש איז טאקע א בעל בחירה, דעריבער איז ער פאראנטוואָרטלעך פאר זיינע מעשים. ער האָט געקענט אויס־קלייבן גוטס, וואָלט געווען גוט אים — און אויך דער גאנצער וועלט. האָט ער אויסגעקליבן שלעכטס, איז שלעכט אים און דאָס ברענגט שלעכטס אויך פאר אנדערע. די פראגע איז אָבער: וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס. טענהט דאָך יעדער איינער, אז ער וויל נאָר גוטס, אי דער יחיד אי דער כלל און דאָך זיינען מיר עדות, אז נישט גוטס הערשט אויף דער וועלט, נאָר פארקערט. וואָס איז די סיבה פון דעם?

איז דער ענטפער, דער יידישער ענטפער: „הגיד לך אדם מה טוב". דער רבש"ע האָט דיר, מענטש, געזאָגט, וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס: „הנה ראה נתתי לפניך את החיים את הטוב, את המות ואת הרע". דער רבונו של עולם האָט אונז געזאָגט, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט. דער מענטש איז נישט ביכולת צו באשטימען וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס. דעם בעסטן באוויז זעען מיר דאָך אין לעבן. וואָלטן מענטשן גע־ווען ביכולת פעסטצושטעלן גוטס און שלעכטס, וואָלט דאָך אויף

דער וועלט געהערשט בלויז גוטס. אַלע טענהן דאָך, אַז זיי ווילן בלויז גוטס. דער מענטש אין אמתן קען אָבער נישט באַשטימען וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס. נאָך וויניקער קען דער מענטש באַשטימען די מאָס און די גרענעץ, ווען ווערט אַ מאָל דאָס גוטס פאַרוואַנדלט אין שלעכטס און ווען ווערט דאָס שלעכטס פאַרוואַנדלט אין גוטס. לכל היותר דאַכט זיך דעם מענטש, אַז ער ווייסט וואָס פאַר אים איז גוט און וואָס פאַר אים איז שלעכט — איז דעריבער דאָ אַזוי פיל מינים פון גוטס און פון שלעכטס. יעדער האָט זיך זיין גוטס און זיין שלעכטס און דאָס ברענגט צו צוזאַמענשטויסן צווישן איינעם און דעם צווייטן. צווישן איין פאָלק און דעם צווייטן. טראָץ דעם וואָס יעדער טענהט, אַז ער מיינט נאָר און וויל נאָר גוטס.

וואָס דאַרף מען מער ווי די עשרת הדברות, וואָס כמעט די גאַנצע מענטשהייט האָט זיי אָנגענומען אַלס יסוד פאַר גוטס. נו, וואָס זעט מען? אַז טראָץ דער פּרינציפּיעלער הסכמה, האָט אַ גרויסער טייל פון דער מענטשהייט, און אויך אַ געוויסער טייל פון יידישן פאָלק, אפילו אין מדינת ישראל, זיך דערווייטערט פון מקיים זיין די עשרת הדברות אינעם לעבן. די סיבה איז — ווייל די מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן איינצורעדן, אַז זיי זיינען מסוגל צו באַשטימען, וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס.

## ב.

דער מענטשלעכער טעות האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם מאָמענט, ווען ער האָט אָנגעהויבן טראַכטן אַז דורך דעם „עץ הדעת" קען מען אַליין ווערן אַ גאָט צו באַשטימען „טוב" „ורע".

דער מענטש האָט פאַרגעסן אָבער אַז „ביום אכלך ממנו", אַז מיט דעם מאָמענט ווען דער „עץ הדעת" ווערט אַן ענין פון עסן, „מות תמות". ווייל דער ענין פון דעת הערט דאַן אויף צו זיין אַן ענין פון וויסן, נאָר אַן ענין פון עסן... און אין עסן האָט זיך יעדער זיין טעם, זיין געשמאַק און ווייל יעדער האַלט זיך ביי זיין טעם, ביי זיין געשמאַק, ברענגט עס צו „חרב איש ברעהו".

ג.

וואָס איז גוטס פאַר דעם מענטש, פאַר דעם ייד און פאַר דעם קיום פון דער גאַנצער וועלט, ווי אויך די גרענעצן ווען איז גוטס, גוטס און ווען איז שלעכטס, שלעכטס — דאָס האָט אונז דער רבונו של עולם געזאָגט אין דער תורה. די תורה האָט אונז געזאָגט נישט סתם אַז די מידה אָדער אַ צווייטע איז אַ גוטע אָדער אַ שלעכטע, נאָר די תורה אויסער די אַלגעמיינע פּרינציפּן פון „ועשית הישר והטוב" און „עשית משפט ואהבת חסד והצנע לכת" — לערנט אונז די תורה ווי אַזוי צו לעבן אין די פּרינציפּן. די תורה ווייסט אַז אינעם מענטש זיינען דאָ פאַר־שידענע קעגנגעזעצטע כוחות, דעריבער האָט אונז די תורה גע־געבן תרי"ג מצוות: רמ"ח עשה און שס"ה לא־תעשה, וואָס דורך זיי, קען דער מענטש רעגולירן די קעגנגעזעצטע כוחות און אָפּהיטן דעם גלייכגעוויכט צווישן זיי; „כל המצוה אשר אנכי מצוה אתכם היום, תשמרון לעשות למען תחיון ורביתם". „למען תחיון" אין די פּרינציפּן. „לא ניתנו המצוות אלא לצרף בהן את הבריות" (ב"ר מד, א'). די אַלע מצוות זיינען געגעבן גע־וואָרן, כדי דער מענטש זאָל קענען לייטערן זיינע מידות: כדי

ער זאָל קענען לעבן אַ גוט לעבן. אַ יושרדיק לעבן פאַר זיך און פאַר אַנדערע; ער זאָל קענען מקיים זיין דעם „ועשית הישר והטוב".



מיר ווייסן נישט די טעמים פון יעדער מצווה. מיר ווייסן אויך נישט, פאַרוואָס אַ סך זאַכן זיינען אַן עבירה. אָבער דאָס לעבן, דיווירקלעכקייט ווייזט דאָך אונז, אַז מענטשן וואָס היטן אָפּ תורה און מצוות און זיינען מקפיד נישט נכשל צו ווערן אין „לא תעשה" — זיינען אויך אָפּגעהיטן מער ווי אַנדערע אין ענינים שבין אדם לחברו, און שטייען העכער מאָראַליש ווי אַנדערע. דער אבן־עזרא זאָגט, אַז כל זמן יידן האָבן אָפּגעהיטן כשרות — איז כמעט נישט געווען קיין רוצחים צווישן יידן. און ווען מיר זיינען עדות היינט־צו־טאָג, אַז עס זיינען דאָ רציחות צווישן יידן, אַ ירידה אין פאַמיליע־לעבן (אגב, דער רד"ק זאָגט, אַז דיני עריות געהערן צום סוג פון בין אדם לחברו) און אַנדערע מידות מגונות, איז עס דאָך דער רוב ביי יידן, וועלכע האָבן זיך דערווייטערט אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן פון תורה און מצוות, ממילא האָבן זיי זיך דערווייטערט אויך פון מעשים טובים. און אַז מען דערווייטערט זיך פון מעשים טובים, — בלייבט נישט קיין חלל־ריק, נאָר מעשים רעים פאַרנעמען זייער פּלאַץ. אין חורבות טאַנצן שדים... ווען דער מענטש איז פאַרנומען מיט תורה, מיט מצוות און מעשים טובים, אַנטוויקלט ער אין זיך דעם חלק אלוקי ממעל, ער פלעגט דאַן דאָס מענטשלעכקייט אין זיך, דאָס מענטשלעכקייט וואָס איז דאָך דער צלם אלוקים. „בצלם אלוקים ברא אותו". אַז דער מענטש היט דעם צלם אלוקים איז

ער דער מענטש, וואָס ג־ט האָט אים באַשאַפן. אַז נישט, איז ער־
אַ בלויזע חיה. „ויפח באפיו נשמת חיים ויהי האדם לנפש חיה",
אָן דער נשמה, אָן דעם נפש, איז דער מענטש בלויז אַ חיה.

די מצוות פון מעשים טובים פון דער יידישער תורה זיי
היטן אָפּ דעם מענטש ער זאָל נישט ווערן מיטגעריסן מיט אַלעם,
וואָס די אויגן זעען און דאָס האַרץ גלוסט. דורך תורה, מצוות
און מעשים טובים — שטעלט דער מענטש אַלע זיינע גייסטיקע
און פיזישע כוחות אינעם רשות פון רבונו של עולם, צו טאָן
זיין רצון, „לטוב לנו כל הימים".

ד.

אַז גשמיותדיקע מעשים אינעם טאָג־טעגלעכן לעבן פאַר־
מירן אויך דאָס גייסטיקע לעבן פון מענטש, האָבן אַ השפּעה
אויף דער נשמהדיקייט פון מענטש — זעען מיר דאָך יעדער
איינער פון זיך אַליין. וואָס איז מער גשמיותדיק ווי עסן און
טרינקען — דאָך האָט דאָס אַ השפּעה אויפן עצם לעבן, אויפן
נפש חיה, אויפן נשמת חיים, וואָס איז דאָך נישט קיין גשמיות.
וואָס איז „עפּעס" אַ רוחניותדיקע זאַך „דלית בה מששותא",
וואָס מיר קענען נישט אָנטאַפּן.

די נשמה, דער נפש חיה, די נשמת חיים, איז דאָך די
איינציקע זאַך כמעט אינעם מענטש וואָס פיזיש האָבן מיר אין
דעם נישט די מינדעסטע אַנונג. מיר ווייסן נאָר, אַז דאָס איז אַ
מציאות־אמת. דאָך האָט דאָס עסן און טרינקען אַ השפּעה אויף
זיי. אַ הונגעריקער און דאָרשטיקער איז אין אַן אַנדערער שטי־
מונג צום נוטן אָדער צום שלעכטן, ווי אַ זאַטער; אויך איז אַן

אונטערשיד פון א מענטש, וואָס עסט און טרינקט ווי אַ מענטש, צו אַ מענטש וואָס פרעסט און זויפט ווי א בהמה, אַ חיה.

אינטערעסאַנט איז, אַז אויך די תורה זאָגט אונז וועגן יום כפור, אַז מען זאָל פאַסטן „תענו את נפשותיכם" און נישט את „גופותיכם".

אויך די מצוות מעשיות בין אדם למקום, וואָס מיר ווייסן נישט זייערע טעמים און זייער השפעה אויף אונזער גשמיות־דיקער פירונג „בין אדם לחברו" — זעען מיר, אַז זיי האָבן אַ השפעה אויף דער גייסטיקער און נשמהדיקער אויספאָרמירונג פון דעם מענטש צו טאָן גוטס דורך דערווייטערן זיך פון צו־טאָן שלעכטס. „סור מרע" דורך „עשה טוב"...

די אַלע מצוות עשה און לא תעשה באַפרייען דעם מענטש פון די כוחות אין מענטש, וועלכע ווירקן אויף אים צום שלעכטן; זיי מאַכן דעם מענטש פאַר אַ בן־חורין. „חרות — חירות" — דאָס צו ווערן איז אויסגעקריצט נאָר אין די ג־טלעכע לוחות און אין דער תורה שבעל־פה.

„לא ניתנו מצוות אלא לחיות בהן" (תוספתא שבת טז). דאָס איז דער גאַנצער תכלית פון די מצוות „לחיות בהן". אָן תורה און אָן מצוות איז נישט מעגלעך צו לעבן אַ גוט לעבן, אַ שיין לעבן, אַ יושרדיק לעבן.



די חז"ל זאָגן אונז: „זה אלי ואנוהו" — אמר אבא שאול: הוי דומה לו, מה הוא חנון ורחום, אף אתה היה חנון ורחום"

(שבת קל"ג). אויף דעם פסוק: „ללכת בכל דרכיו ולדבקה בו", זאָגן די חז"ל: „מה הוא רחום אף אתה רחום, מה הוא חנון אף אתה חנון, מה הוא חסיד אף אתה חסיד (ספרי). אויף דעם פסוק: „אחרי ד' אלוקיכם תלכו ובו תדבקון", זאָגן די חז"ל: „מה הוא מלביש ערומים אף אתה מלביש ערומים; מה הוא מבקר חולים אף אתה מבקר חולים (סוטה יד).

אָבער כדי צו לערנען ביים רבונו של עולם די אויבנדערמאנטע מידות, האָט אונז דער רבונו של עולם געגעבן תורה און מצוות, ווי אזוי מיר זאָלן זיך קענען אָפּלערנען פון רבונו־של־עולם די מידות און זיך פירן לויט זיי אינעם לעבן, פילנדיק, אז דאָס איז א טייל פונעם לעבן נישט נאָכגעמאַכט דעם רבונו־של־עולם.



וועט דער מענטש זיך באפרייען פון דער איינרעדעניש, פון דער אילוזיע, אז ער ווייסט וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס — דאַן וועט ער דערזען, אז די תורה איז א תורת חיים, וועלכע לערנט דעם מענטש, וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס, און וואָס זיינען די וועגן און די מיטלען, אז דער מענטש זאָל קענען זיין א בוחר בטוב, א בוחר בחיים.

## פרק ד

# וואָס איז אַ צדיק, וואָס איז אַ רשע

„ולרשע אמר אלוקים: מה לך לספר חקי?"
(תהלים נ—טו)

אין אדם כופר בעמיתו, עד שכופר בעיקר"
(תוספתא שבועות ג—ו)

א.

די חז"ל זאָגן אונז, אַז אַ רשע איז דער, וועלכער ווייסט נאָר זיינע ליידן, אָבער דעם צווייטנס ליידן ווייסט ער נישט. מיט אנדערע ווערטער: ער ווייסט נאָר זיך. ממילא קומט אויס, אַז דער, וואָס פילט־מיט אויך יענעמס צער, יענעמס יסורים — דער איז אַ צדיק.

רש"י אין מגילה (יז—ע"ב) זאָגט אויף דעם פסוק אין תהלים (י—טו) „שבור זרוע רשע", אַז „רשע" מיינט מען די, וועלכע שרויפן־אויף די פרייזן, און „פושעים" זיינען די, וועלכע גלייבן נישט אין תורה מן השמים.

מיט אַנדערע ווערטער נעזאָגט הייסט עס, אַז „רשע" איז נונע בין אדם לחברו און „פושע" איז נוגע בין אדם למקום.

זאָגט אונז די גמרא (מגילה יז—ע"ב): „וכיון שנעשה דין מן הרשעים כלו הפושעים". דאָס הייסט: אַז ווען עס זיינען נישטאָ קיין רשעים, וועלכע טוען שלעכטס איינער דעם צווייטן, הערן אויך אויף צו זיין פושעים בין אדם למקום. און אויך פאַרקערט זאָגט דאָרט די גמרא: „וכיון שכלו הפושעים מתרוממת קרן צדיקים". דאָס הייסט: אַז ווען עס זיינען נישטאָ קיין „פושעים" בין אדם למקום, ווערט דערהויבן דער ווערט פון „צדיקים" בין אדם לחברו.

דאָס אויבן־געזאָגטע מיינט, אַז ביידע זאַכן, בין אדם לחברו און בין אדם למקום, גייען צוזאַמען. מען קען נישט אָפּטיילן איינס פון צווייטן. בין אדם לחברו איז דער מענטש פעאיק אָפּצוּ־היטן נאָר דאַן, ווען ער איז אויך אָפּגעהיטן אין די ענינים בין אדם למקום. און די ענינים בין אדם למקום איז מען נישט מקיים, ווען מען איז נישט אָפּגעהיטן אין די ענינים שבין אדם לחברו.

דאָס איז דער מיין פונעם פסוק „ולרשע (בין אדם לחברו) אמר אלוקים: מה לך לספר חקי?" (בין אדם למקום). צו דעם רשע, בין אדם לחברו, זאָגט דער רבונו של עולם: נאָך וואָס דער־ציילסטו נאָך מיינע חוקים בין אדם למקום... ווייל אויב מען פירט זיך נישט בין אדם לחברו ווי די תורה הייסט, רעדט כאָטש נישט, אַז דו ביזט אַ בין אדם למקומניק... דאָס איז נאָר אַ חילול השם.

פון דער צווייטער זייט, זאָגט אונז די תוספתא (שבועות נ—ו) אויף דעם פסוק (ויקרא ה—כא): „נפש כי תחטא ומעלה מעל בשם וכחש בעמיתו", אַז „אין אדם כופר בעמיתו עד שכופר בעיקר". אַ מענטש פאַרלייקנט זיך נישט צו זיין חבר, ער זאָגט אים נישט פאַלשס, ער גענאַרט אים נישט, ביז ער ווערט נישט

פריער אַ כופר בעיקר. די סיבה איז אַ פשוטע: דער, וואָס איז אַ כופר בעיקר, גלייבט ער אָבער דאָך אין „כוחי ועוצם ידי", און אפשר איז איינס אַ רעזולטאַט פון צווייטן. דאַן זעט ער נאָר זיך אַליין. „אני — ואפסי עוד", און קען פאַרלייקענען זיין איינע־נעם חבר.

ג.

דאָס איז בעצם פון די יסודות פון דער יידישער אמונה: אַ מענטש איז נישט אימשטאַנד צו באַהערשן די פאַרשידענע קעגנ־געזעצטע כוחות זיינע אָן אמונה אין בורא עולם, אָן תורה־לערנען, אָן מקיים זיין מצוות.

קלאָרער: —

**אמונה אין בורא עולם** איז דער יסוד היסודות נישט בלויז ווייל אָן אמונה זיינען מחשבות אדם, די געדאַנקען פון מענטש, „רק רע כל היום" — נאָר דער עיקר פון אמונה אין בורא עולם איז, ווייל דאָס איז אמונת אמת. דאָס איז דער אמת און דער אמת איז „לעולם עומדת", שטייט אייביק. ממילא דער, וואָס איז זיך מדבק מיט זיין מחשבה און זיין רצון אין רבונו־של־עולם, גייט ער אין די וועגן פון רבונו של עולם, אין די מידות פון רבונו של עולם: מה הוא רחום א. א. וו.

**תורה־לערנען.** אָן תורה קען דער מענטש נישט באַשטימען, וואָס איז גוטס און וואָס איז שלעכטס; וואָס דאַרף מען טאָן און וואָס דאַרף מען נישט טאָן אי בין אדם למקום, אי בין אדם לחברו. די תורה לערנט אונז, וואָס ער זאָל נישט טאָן, אפילו ווען דאָס איז גוט פאַר אים, אויב דאָס איז שלעכט פאַר דעם צווייטן,

אָדער פאַר דעם כּלל. אָן תורה לערנען איז מען אַן עם הארץ און מען ווייסט נאַרנישט וואָס איז אַ ייד, ממילא טראַכט מען נישט ווי אַ ייד און מען לעבט נישט ווי אַ ייד. מען איז אין דרויסן פון דער יידישער וועלט. מען איז אַ ייד און דאָך לעבט מען אין אַ נישט־יידישער וועלט, ביז מען הייבט אָן פיינט צו האָבן די יידישע וועלט, צו וועלכער מען געהערט און מען קען זי נישט. מען ווייסט זי נישט. פון דאַנען די שנאה עצמית...

מען האָט אונז געזאָגט, אַז נישט בלויז „ולא עם הארץ חסיד”, נאָר אויך, אַז „אין בור ירא חטא”.



דאָס גרעסטע אומגליק פון אונזער יידישן דור איז דאָס עם־הארצות. מען ווייסט נישט וואָס איז אַ ייד. ממילא ווייסט מען נישט, וואָס איז „המבדיל בין ישראל לעמים”, ביז מען הייבט אָן פרעגן: נאָך וואָס אַ ייד? נאָך וואָס בכלל דער קיום פון יידישן פאָלק? און פון דאַנען איין שריט צו דער פראַגע: נאָך וואָס אַ יידישע מדינה?

**מצוות.** ווי שוין געזאָגט, לייטערן די מצוות דעם מענטש, זיי פיינערן אים אויס. זיי האַלטן דעם מענטש שטענדיק געשפּאַנט ער זאָל וועלן עולה זיין אין מעלות און אין מידות. דער מענטש ווערט אַ „סור מרע” דורך „עשה טוב”. ער איז שטענדיק פאַר־נומען צו זיין אַ ייד, אַ מענטש און האָט נישט קיין צייט און קיין געדולד צו די נאַרישקייטן, וואָס מאַכן דעם מענטש אויס מענטש און אויס ייד.

אויב עס עקזיסטירט נאָך היינט אַ ידיש פאָלק ; אויב טראָץ דעם אַסימילאַציע־שטראָם אין גלות פון איינענעם ווילן, אָדער געצוואונגענערהייט גלויבן מיר באמונה שלימה אין דער תחיה יהודית פון יידישן פאָלק, אין אַ נייעם ידישן רענעסאַנס — איז עס דאָך ווייל טראָץ אַלעם זיינען דאָ יידן מאמינים בני־מאמינים, יידן, וואָס תורתם אומנתם, וואָס זיינען אָפּגעהיטן אין מצוות בין אדם למקום און בין אדם לחברו — פון אָט־די יידן, אין זייער זכות, גלויבן מיר, וועט ווידער צוריק אויפלעבן יידיש־קייט אין יידישן לעבן און מיר וועלן אָפּהיטן אונזער אייגנאַרט פון אָן עם אלוקי אברהם ; אויב טראָץ דעם כנעניזם אין מדינת ישראל, דאָס וועלן מיט געוואַלד זיך אָפּשאָקלען פון יידישקייט, זיך אָפּפרעמדן פון יידישן פאָלק, פון זיין אמונה, תורה און מצוות, פון אַ געוויסן טייל אין מדינת ישראל — איז מען זיך נישט מייאש און מען גלויבט, אַז טראָץ אַלעם וועט מדינת ישראל נישט זיין אַ ישראלישע מדינה נאָר אַ יידישע מדינה — איז עס אין זכות פון אמונה, תורה און מצוות, וועלכע האָבן זייער שטאַרקע וואָרצלען אין מדינת ישראל. און אפילו די, וואָס ווילן זיך מיט געוואַלד אָפּרייסן — קומען זיי דאָך פון צייט צו צייט זיך אָנוואַרעמען דאָ, וווּ עס איז דאָ אַ ידיש לעבן, וווּ עס שפּרודלט מיט יידישקייט. צי אין אַ ישיבה, צי אין אַ חסידיש בית המדרש, אין אַ רעליגיעזן מושב, אָדער קיבוץ א. א. וו. ווייל אויך די, וועלכע פאַרפרעמדן זיך, פילן אויך אַ מאָל אַ בענקשאַפט צו **אַן אייגע־נער היים**, וועלכע מען קען נאָר געפינען אין בית־המדרש...

ד.

די דריי יסודות : אמונה, תורה און מצוות, זיינען נוגע

ניִשט בלויז דעם יחיד, ער זאָל קענען זיין אַ יידישער מענטש און אַ מענטשלעכער ייד, דאָס איז אויך נוגע דעם כלל ישראל, דעם יידישן פאָלק, ער זאָל קענען זיין אין זיין לעבנסאַרט, אין זיין גאַנצן מלוכהשן לעבנס־וועג אַן עם קודש. אַן עם קודש הייסט ניִשט אַנטלויפן פונעם לעבן, נאָר דאָס לעבן היילִיק האַלטן, אויך דאָס מלוכהשע לעבן. דאָס איז נוגע צו אַלע איינוווינער אינעם לאַנד, אַז מדינת ישראל זאָל זיין אַ יידישע מלוכה, וועלכע זאָל אין איר גאַנצער געזעצגעבונג, זיין יידיש איינגעאַרטיק. זי קען אָבער דאָס ניִשט זיין אָן אמונה, אָן תורה, אָן מצוות. אָן דעם אַלעם מוז זי פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ כנעניִשער מדינה, אפילו ווען ז וועט זיך רופן מדינת ישראל.

מדינת ישראל, אַ תורה־מדינה — וועט זיין יידיש־מענטש־לעך און מענטשלעך־יידיש.

ה.

אוודאי זיינען דאָ מצוות, וואָס אויך דער שכל איז זיי מחייב, אָבער אויך די „מצוות עשה” און „לא־תעשה”, וואָס אונזער שכל איז ניִשט משיג זייער טעם, זייער כוונה — איז דאָס לעבן דער בעסטער טעם זייערער; איז דאָס לעבן דער בעסטער עדות אויף זייער אייביקייט, היילִיקייט און ג־טלעכקייט.

דאָס לעבן זאָגט דאָך עדות, אַז אמתע יידישע יידן זיינען בעסערע יידן און בעסערע מענטשן ווי אַנדערע. קען דאָך קיינער ניִשט פאַרלייקענען, אַז דער „לוז” שבאומה זיינען די יידישע יידן. איז דאָס ניִשט דער בעסטער טעם פון די מצוות, וואָס מיר זעען מיט די אויגן און פילן אין לעבן?

ווי אָבער געזאָגט: אמונה, תורה און מצוות זיינען נישט קיין ענין פון „מתן שכרה בצדה" בלויז. אַ מאָל דאַרף מען גאָר אַ סך באַצאָלן פאַר דעם. אמונה א. א. וו. איז דער יסוד, ווייל זי איז אמונת־אמת. ווייל אלוקים אמת, ממילא איז תורת־השם תורת אמת און אויך די מצוות זיינען: „אמת ויציב, ונכון, וקים, וישר, ונאמן, ואהוב, וחביב, ונחמד, ונעים, ונורא, ואדיר, ומתקן, וטוב, ויפה הדבר הזה עלינו לעולם ועד"...



אַ ייד אַ מאמין, איז די תורה און מצוות נישט קיין עול אויף אים. זיי באַשווערן אים נישט. נישט ער טראָגט זיי — נאָר זיי טראָגן אים. דאָס זעלבע אויך דאָס פאָלק ישראל. נישט בלויז דאָס פאָלק ישראל האָט געטראָגן איבער דער וועלט דעם „שמע ישראל", נאָר דער „שמע ישראל" האָט געטראָגן דאָס יידישע פאָלק איבער דער וועלט: „את ד' האמרת היום וד' האמירך היום" (דברים כו): „אמר להם הקדוש ברוך הוא לישראל: אתם עשיתוני חטיבה אחת בעולם — שנאמר (שם ו'): שמע ישראל ד' אלוקינו ד' אחד, ואני אעשה אתכם חטיבה אחת בעולם — שנאמר (שם ד'): ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ".

ווי געזאָגט, ווייסן מיר נישט די טעמים פון די מצוות, איז אַזוי לאַנג ווי יידן לעבן אין גלות זיינען דאָך אַלע מודה, אַז אַ דאַנק ערלעכע יידן, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן ביי אמונה, תורה און מצוות — האָט זיך דורך זיי דאָס פאָלק געהאַלטן. ווען מיר קומען אָבער היינט און מיר זאָגן, אַז אויך מדינת ישראל קען קיין קיום נישט האָבן אָן תורת ישראל — לאַכט מען אונז

אוים און מען כאַפּט זיך אָן אין דעם פאַלשן תירוץ, אַז אין גלות — דאַרף מען האָבן תורה און מצוות (כאילו ווען די זעלבע זיינען אין גלות היטן זיי אָפּ תורה און מצוות...) אָבער נישט אין מדינת ישראל.

אויך דאָ קומט דאָס לעבן זעלבסט און לייקנט אָפּ די נישט־אמתע „חכמה". זעען מיר דאָך ווי אַזוי דאָס לעבן אין מדינת ישראל אָן תורה און אָן מצוות — דערווייטערט זיך פון דעם ייִדישן אויסלעבן און אויך פון מענטשלעכן אַרט לעבן. מען דאַרף נישט ברענגען קיין ביישפּילן. נעמט אַ צייטונג יעדן טאָג — זעט ווי ־ער ייִדישער און מענטשלעכער פּרצוף הערט אויף צו זיין אי ייִדיש אי מענטשלעך. קומט מען אָבער אין די קרייזן אין מדינת ישראל, פאַר וועלכע די יסודות פון אמונה, תורה און מצוות, איז זייער וועג־ווייזער, געפינט מען דאָרט אי ייִדישקייט אי מענטש־לעכקייט. פאַרשטייט זיך, אַז מען רעדט דאָ נישט פון קיין צבוּ־עים, וועלכע מוען־אָן טלית און תפילין, כדי אונטער דער מאַסקע זאָלן זיי קענען גיין און באַראַבעווען מענטשן...

אַלץ קשה — פרעגט מען, וואָס איז טאַקע דער סוד פון תורה און מצוות. ווייסן מיר נישט דעם סוד, ווייזט אויס — בכוונה. כדי „חכמים להרע" זאָלן זיך נישט קענען פּטרן פון די מצוות מיט דער טענה: „אני ארבה, ולא אסיר"... דעריבער איז מצוות אינן צריכות כוונה. דאָך אָבער אין סך־הכּל איז נישט אַזוי שווער צו פאַרשטיין דעם „סוד ד' ליראיו".

„שויתי ד' לנגדי תמיד". אויב דער מענטש זעט פאַר זיך שטענדיק דעם רבונו של עולם — איז ער ממילא שטענדיק צו־געבונדן מיט זיין מחשבה, מיט זיין נשמה, מיט זיין גאַנצן

היות, צום רבונו של עולם. פילט דאָן דער מענטש, אַז ער און מיט אַלעם וואָס ער האָט, געפינט זיך „ברשותו של מי שאמר והיה העולם". ממילא קען ער נישט פאַרפירט ווערן פון „אני ואפסי, עוד". פון גאווה, ווייל כלפי דעם רבונו של עולם איז דאָך נישטאָ מיט וואָס זיך גרויס צו האַלטן... און דער רבונו של עולם זאָגט, לויט די חז"ל, אַז ער מיטן בעל־גאווה קענען נישט וווינען צוזאַמען... דער וואָס זעט פאַר זיך שטענדיק דעם שויתי, ווייסט, אַז אויב מען איז פוגע אַ צווייטן, איז עס קעגן רצון פון בורא, ווייל דאַדורך איז ער אַ דוחק רגלי השכינה.

דער מענטש, וואָס איז מיט זיינע מחשבות צוגעבונדן צום רבונו של עולם, ווייסט, אַז דער משא־ומתן דאַרף זיין באמונה, אַז ער דאַרף נישט גענאַרן נישט אַנדערע און נישט זיך אַליין. ממילא געדענקט ער דעם „בכל דרכיך דעהו"...

דער „שויתי" איז דער הויפּט־מאָטיוו, וועלכער באַפרייט דעם מענטש צו קוקן ווו מען דאַרף נישט, צו זען וואָס מען דאַרף נישט, צו הערן וואָס מען דאַרף נישט. אין יעדער מצווה, אין יעדן מנהג, קען מען געפינען דעם יסוד פון „להרחיק את האדם מן העבירה", אָדער פון „לקרב את האדם לאבינו שבשמים", אהבת ישראל, אהבת הבריות און אפילו אהבת הבריאה.

נעמען מיר, למשל, דעם ענין פון נטילת־ידים פאַרן עסן. וויפיל לאַכן נישט אונזערע „חכמים" אָפּ פון דעם מיט דער „חכמה": כ'האָב ריינע הענט.

אונזערע „רעליגיעזע ראַציאָנאַליסטן" ווילן געפינען דעם ראַציאָנאַלן טעם פון היגיענע. וואָס טוט אָבער דער רבונו של

עולם, איז דער דין פון נטילת־ידים דווקא נאָכדעם ווי מען האָט שוין אָפּגעוואַשן די הענט פון שמוץ. ערשט דאַן קען מען מקיים זיין די מצווה פון נטילת־ידים. ווייל נטילת־ידים טראָגט נישט אין זיך דעם ראַציאָנאַלן היגיעניש טעם. דאָס איז נאָר אַ תוצאה, אַ רעזולטאַט. נטילת־ידים טראָגט אין זיך אַ זייער ווייטגייענ־דיקן טיפן מאָראַלישן, דערציערישן אינהאַלט, וועלכער איז נוגע דעם גאַנצן לעבנסוועג פון מענטשן דווקא בין אדם לחברו.

ווי באַוווּסט, קומט צום אויסדרוק דער כוח פון מענטש אין די הענט, „כוחי ועוצם ידי"... דעריבער, נאָכדעם ווי דער מענטש האָט שוין אָפּגעוואַשן די הענט פון פיזישן שמוץ, זאָגט מען אים: נטילת־ידים, ער דאַרף אָפּוואַשן די הענט פון אַן אַנדערן אַרט שמוץ. ער דאַרף אויפהויבן די הענט און זאָגן: שאו ידיכם קודש. די הענט מיט וועלכע ער האָט געאַרבעט און פאַרדינט זיין ברויט, זיין פּרנסה, זיינען הייליק. ער האָט קיינעם נישט באַגנבעט, באַגזלט, גענאַרט. ער ווייסט דאַן אַז „יגיע כפיך כי תאכל", נישט פון יענעמס פּראַצע, פון אויסנוצן דעם אַרבע־טער — איז „אשריך וטוב לך". זאָגן אונז די חז"ל: „אשריך בעולם הזה, וטוב לך בעולם הבא". מיר זאָגן נישט רחיצת־ידים. נאָר נטילת ידים. אויפהייבן די הענט. שאו ידיכם קודש...



אַזוי קען מען נאָך געבן הונדערטער און טויזנטער ביישפּילן. עס איז נענוגג דער פאַקט, וואָס באַלד אין די עשרת הדברות זיינען דאָ ביידע זאַכן: דער בין אדם למקום און דער בין אדם לחברו. און באַלד נאָך דער פּרשה פון מתן תורה, הייבט זיך אָן

דער ואלה המשפטים און די „ו" פון ואלה לערנט אונז, אז די משפטים זיינען אַן אומטיילבאַרער חלק פון מתן תורה...

אָבער ווי געזאָגט: תורה און מצוות דאַרף מען היטן נישט צוליב דעם טעם, נאָר ווייל אשר קדשנו במצוותיו. דורך די מצוות האָט דער רבונו של עולם אונז געמאַכט מענטשלעך הייליק און יידיש הייליק. דורך תורה און מצוות זיינען מיר אַן עם קדוש; דורך תורה און מצוות זיינען מיר, צי מיר ווילן — צי נישט, דער עם אלוקי אברהם, וועלכער אי דער כלל אי דער יחיד זיינען שטענדיק פאַרבונדן מיטן נצח. און אפילו ווען יחידים פאַלן אָפּ, און זיי פאַלן שטענדיק אָפּ, ווען זיי פאַלן אָפּ פון תורה און מצוות, אפילו דעמאָלט איז דער כלל ישראל לא ישקר. ווי זאָגן חסידים: יידן זאָגן דעם רבונו־של־עולם: נצח — ישראל לא ישקר! מיר וועלן אייביק בלייבן יידן...

## פרק ה

# מוסר און תורה

עס זיינען פאַראַן מענטשן, וועלכע ווילן זיך נאַרן און רעדן זיך איין, אַז זיי קענען זיין די טרעגער פון מוסר און אפילו פון „מוסר היהדות", אָן אמונה, אָן תורה, אָן מצוות. זיי שטיצן זיך אויף די חז"ל (עירובין ק־ב): אַז ווען די תורה וואָלט נישט געגעבן געוואָרן וואָלט מען זיך געלערנט פון אַ נמלה, פון אַ מו־ראַשקע, אַז מען טאָר נישט גזל'ענען; איסור עריות וואָלט מען גע־לערנט פון אַ טויב; צניעות פון אַ קאַץ און דרך־ארץ פון אַ האָן..

אָבער מען פאַרגעסט דעם אמתן מיין פון די חז"ל. די כוונה איז, אַז ווען נישט די תורה, וואָלט מען געדאַרפט לערנען מוסר פון חיות און עופות. וואָלטן מיר דאַן אַלזאָ געהאַט אַ חיהשן מוסר, אַ חיה'ש פנים...

דער געדאַנק, אַז מען קען זיין אַ מוסר־ייד אָן תורה און מצוות, איז נישט קיין נייער. קעגן דער דאָזיקער „חכמה" האָט רבי עקיבא געזאָגט (ירושלמי, נדרים, ט־ד): „ואהבת לרעך כמוך" — „זה כלל גדול בתורה". ואהבת לרעך כמוך איז אַ גרויסער כלל אין לעבן, מען זאָל זיך פירן לויט דעם כלל, ווען מען ווייסט אַז דאָס איז אַ ג־טלעכער כלל, אַ תורה־כלל. אויב מען זעט דעם „ואהבת לרעך כמוך" נישט אַלס תורה־כלל, נאָר בלויז אַלס אַ מענטשלעכע מאָראַל, איז דער יצר הרע שטאַרקער פון דעם כלל, ווייל „אדם

סרוב אצל עצמו". דער מענטש איז נענטער צו זיך ווי צו דעם צווייטן... און ווען עס האנדלט זיך וועגן דעם צווייטן און וועגן זיך, פארגעסט מען דעם ואהבת לרעך כמוך... דעריבער האָט מען אונז געלערנט (ע"ז ה־עא): „אשריהם ישראל בזמן שעוסקים בתורה ובגמילות חסדים יצרם מסור בידם ואין הם מסורים ביד יצרם". ווייל איז יידן: אין דער צייט ווען זיי זיינען עוסק אין תורה און גמילות חסדים, אין ביידע צוזאמען איז דער יצר אין זייערע הענט, זיי קענען אים באהערשן, און זיי זיינען נישט אין די הענט פון יצר...

עס גייט נאָך אפילו א סך ווייטער (שו"ט תהלים לב): „לא נתן הקדוש ברוך הוא תורה לישראל, אלא כדי שלא יהיו עסוקין בלשון הרע ולא בדברי בטלה". דער רבונו־של־עולם האָט געגעבן די תורה צו יידן כדי זיי זאָלן נישט זיין פארנומען מיט לשון הרע און מיט דברים בטלים. אָן תורה און מצוות — באשעפטיקן זיך מענטשן ממילא מיט לשון הרע און מיט דברים בטלים. צוויי זאכן וועלכע קענען אוועקהרגענען א וועלט, א גאנצע...



ביז איצט האָט זיך נאָר גערעדט וועגן יחיד, וועגן רשות היחיד, אז דער מענטש, דער יידישער מענטש, דער יחיד, קען נאָר זיין א ייד, א מענטש, ווען ער אָרדנט איין זיין לעבנס־וועג אין די ראמען פון אמונה, תורה און מצוות. וואָס האָט אָבער די תורה צו זאָגן דעם ייד און רשות הרבים, אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן, אין דער געזעלשאפטלעכער באציאונג, ווי אזוי צו רעגולירן דאָס געזעלשאפטלעכע מלוכהשע לעבן פון יידישן פאָלק, אז עס

זאָל זיין אַן עם קדוש, וואָס זיינען די חוקים ומשפטים אויף וועלכע אַלע זאָלן זאָגן: „כי היא חכמתכם ובינתכם לעיני העמים״? אַזוי פרעגט מען היינט. און מען זאָגט דערביי: היינט זיינען אַנדערע צייטן, עס איז אַ מאָדערנע וועלט. די תורה געהער צו די אַלטע צייטן א. אַ. וו.

איז דער דאָזיקער געדאַנק אויך נישט קיין נייעס. קעגן די „חכמים״ האָט אונז שוין געזאָגט דער ירושלמי (ברכות פט־ה): „כל הקובע עתים לתורה — הוא מפיר ברית״ (תורה — רש״י). ווער עס באַשטימט צייטן פאַר דער תורה, זאָגנדיק: אַמאָליקע צייטן האָט מען געדאַרפט תורה, היינטיקע צייטן דאַרף מען זי נישט מער, — ווער עס זאָגט אַזוי איז „מפיר תורה״. דאָס הייסט, ער צעשטערט די תורה, ער מאַכט צו נישט די תורה. נישט בלויז היינט נאָר אויך אין דער פאַרגאַנגענהייט, אַלס אַ תורה פון לעבן אַמאָל, און זי ווערט אַרויסגענומען פונעם לעבן היינט. אפילו ווען מען לערנט היינט תנ״ך, ווען מען נעמט פון אים אַרויס דעם רוח־הקודש, איז עס נישט ביי די לערנער קיין תורת חיים. זי ווערט דאַן פאַרוואַנדלט אין אַ „סם המוות״. און נישט בחינם האָבן די שילער אין די וואָכעדיקע שולעס פיינט אויך שוין דעם תנ״ך.



וויל מען ווירקלעך פילן די לעבעדיקייט פון דער תורת חיים פאַר אַלע דורות, אויך פאַרן היינטיקן דור און פאַר די קומענדיקע דורות, דאַרף מען תורה לערנען, ווייל זי איז אַ תורת חיים פון אלוקים חיים, אַ לעבעדיקע תורה פון אַ לעבעדיקן ג־ט „כי הם חיינו ואורך ימינו״, דאַרף מען לערנען נישט בלויז תנ״ך, נישט בלויז די

יידישע היסטאָריע, נאָר צוזאַמען מיט תורה שבכתב אויך לערנען תורה שבעל פה: תלמוד און פוסקים, וועט מען דאַן זען אַז דווקא „מדינת הלכה" איז אַ מדינה וועלכע איז געבויט אויף חוקים און משפטים צודקים און אַ „מדינת חוק" וועלכע איז אָפּהענגיק פון קאָאַליציע־הסכמים, און פון טאָג־טעגלעכע שטימונגען פאַר און קעגן, איז נישט קיין תורת חיים, קיין תורת אמת, קיין תורת צדק.



כדי אָבער נישט צו זיין אַבסטראַקט וויל איך דאָ געבן נאָר עטלעכע ביישפּילן פון דער יידישער הלכה אין רשות הרבים, אין געזעלשאַפטלעכן מלוכהשן לעבן.

א) אין די באַציאונגען צווישן בעלי־בתים און שכנים זאָגט אונז דער חושן משפט הלכות שוכר שי"ב סימן יז:

אַז איינער פאַרדינגט זיין הויז אויף אַ באַשטימטער צייט, דער־וויל האָט זיך דער בעל־הבית מיישב געווען איינצולייגן דאָס הויז, קען דער לאָקאַטאָר אים דאָס שטערן. אויך ווען די צייט איז אַרי־בער — איז דער בעל־הבית מחוייב אים צוצושטעלן אַן אַנדערע דירה אָדער דינגען פאַר אים אַזאַ דירה ווי ער האָט געהאַט.

דאַכט זיך, אַז דאָס איז אַ זייער וויכטיקער „לאָקאַטאָרן־שוץ"־פּונקט.

אָדער (חושן משפט הלכות שוכר שי"ח סימן ה'): אַז איי־נער פאַרדינגט דעם צווייטן אַ הויז אָן אַ טערמין, קען ער אים נישט אָפּזאָגן די דירה פּלוצלינג, נאָר ער מוז אים געבן צייט דרייסיק טעג, כדי דער לאָקאַטאָר זאָל קענען געפינען אַן אַנדערע

דירה, און צום סוף פון די דרייסיק טעג דאַרף דער שכן פאַרלאָזן די דירה. אָבער דאָס איז נאָר זומער. ווינטער קען דער בעל־הבית נישט אָפּזאָגן דעם שכן די דירה פון סוכות צייט ביז פּסח.

איז דאָס אויך אַ וויכטיקער פּונקט אין לאַקאַטאָרן־שוץ, דאַכט זיך.

ב) די פראַגע פון קאָנטראָלירן די פּרייזן, נישט לאָזן אויפ־שרויפן די פּרייזן. באַזונדערס אויף לעבנס־מיטל, אָבער נישט בלויז לעבנס־מיטל, נאָר אַלע זאַכן וואָס אין זיי איז דאָ „חיי־נפש".

זאָגט אונז די הלכה (חושן משפט סימן כל"א סימן קטן כ׳):
„חייב בית דין להעמיד ממונים על השערים שלא ירויח כל אחד מה שירצה — — — שאין לו לאדם להרויח בדברים שיש בהם חיי נפש".

ווער האָט רעכט צו באַשטימען די פּרייזן? „רשאים בני העיר לקוץ שער (צו באַשטימען אַ פּרייז) לכל דבר שירצו, ולהתנות ביניהם שכל מי שיעבור קונסים אותו".

אויף די וועלכע שרויפן אויף די פּרייזן זאָגט דער רבונו־של־עולם (עמוס): „נשבע ד׳ בגאון יעקב, אם אשכח לנצח כל מעשיהם".

די אַלע הלכות זענען „הליכות חיים", דער לעבנס־וועג פאַרן יחיד און פאַרן כלל צוזאַמען, אויך פאַר מדינת ישראל אין די היינטיקע צייטן. כדי אָבער דער מענטש זאָל זיך קענען דערהויבן צו די הליכות חיים, מוז דער מענטש און די מדינה שטענדיק אין זין האָבן אַז ער געפינט זיך אינעם רשות פון „מי שאמר והיה

העולם"; דאַרף מען געדענקען, אַז מען רופט דעם רבונו־של־עולם „מקום", ווייל ער איז דער „מקומו של עולם ואין העולם מקומו" (ב"ר ס"ח; ש"ר מ"ה; שו"ט צ').

ג) נעמען מיר די ברענענדיקע פראַגע פון באַציאונגען צווישן אַרבעטער און אַרבעטס־געבער. די פראַגע האָט דער שרייבער פון די שורות געשטעלט הרב קוק זצ"ל („חזון והנשמה" קנו־קנה). הרב קוק האָט געענטפערט, אַז אַלע סכסוכים צווישן אַרבעטער און אַרבעטס־געבער, צי ווענן העכערן די לוינען, צי ווען די אַר־בעטס־געבער ווילן אַראָפּנידערן די לוינען, דאַרף איבערגעגעבן ווערן צום בית־דין אָדער אַ בוררות. ווען די אַרבעטס־געבער ווילן נישט גיין צום בית־דין, אָדער צו אַ בוררות, האָבן די אַרבעטער די רעכט לויטן יידישן דין צו דערקלערן אַ שטרייק.

הרב קוק איז נאָך מוסיף, אַז אויב דער ענין גייט איבער צום בית־דין, דאַרף עס זיין אַ בית־דין פון גדולי תורה וועלכע זענען בקי „בשאלות החיים והעבודה".

הרב קוק פּסקנט אויך, אַז אַרבעטער דאַרפן זיין אָרגאַניזירט און מען האָט רעכט צו צווינגען נישט־אָרגאַניזירטע אַרבעטער זיי זאָלן זיין אָרגאַניזירט. די פּרטים ווי אַזוי צו צווינגען אַרבע־טער זיי זאָלן זיין אָרגאַניזירט זיינען אַן ענין וואָס דער בית־דין דאַרף באַשטימען.

דער ענטפער פון הרב קוק באַזירט זיך אויף די חז"ל: „שרשאין בעלי־אומניות להסיע על קיצתן".

איינער פון די יסודות אין דער הלכה וועגן פועל איז דער דין פון „יד פועל על העליונה". געדענק איך אַז אין דער צייט

פון ענגלישן מאנדאט האט די מאנדאטן־מאכט באשטימט א קאמיסיע וועגן א געזעץ פון „ארבעטער־שוץ" אונטער דער אנפי־רונג פון ה' גרייבס. האט ה' גרייבס געפרעגט דעם שרייבער פון די שורות וואס איז דער צדק פון דעם דין „יד פועל על העליונה"?... האב איך אים געענטפערט: דער מאראלישער יסוד און דער צדק פון דעם אויבנדערמאנטן פרינציפ איז, אז דער מענטש אליין איז בעל־בית איבער זיינע כוחות און ארבעט. ווייל אין דער אמתן איז נישטא קיין שום פרייז וואס זאל באצאלן פאר דעם מענטשלעכן ארבעטס־כוח, וואס אן אנדערער זאל קענען באשטימען אויסער דער מענטש אליין. דאס דרינגט ארויס פון „עבדי הם ולא עבדים לעבדים". עס איז אבער דא א „מנהג המדינה" וועלכער דארף באקומען די הסכמה פון די ארבעטער, ווייל „יד פועל על העליונה", און דעריבער „רשאים בעלי אומניות להסיע על קיצתן".

אבער גלייכצייטיק זארגט די הלכה אז דער ארבעטער זאל ערלעך אויספירן די ארבעט און דעריבער „האומנין קורין קריאת שמע בראש האילן ובראש הנדבך" (ברכות ט"ז־ע"א) כדי זיי זאלן נישט פארלירן קיין צייט וועלכע געהערט דעם בעל־הבית. מען קען אבער נישט צווינגען דעם ארבעטער ער זאל ארבעטן איבערשעהן, ווייל דער פועל איז בעל־הבית איבער זיינע כוחות.

אינטערעסאנט איז די הלכה (תוספ' ב"מ ז, ה"ג), אז דער בעל בית האט רעכט צו ענדערן די ארבעט פון פועל נאר „למלאכה קלה אבל לא למלאכה חמורה".

פון דער צווייטער זייט איז „אין בעלי אומניות רשאין לעמוד בפני תלמיד חכם בשעה שעוסקין במלאכתן" (קידושין ל"ג ע"מ) ווייל די צייט געהערט דעם בעל־בית.

עס איז אויך דאָ אַ גאַנצע שורה פון הלכות ווי אַזוי צו פאַרהיטן קאָנקורענץ צווישן סוחרים, בעלי־מלאכות, אַרבעטער און אַזוי ווייטער.

וואָלטן מיר במקום דעם טערקישן און ענגלישן געזעץ, וועלכער פאַרוואַנדלט מכלומרשט די מדינה אין אַ „מדינת חוק" זיך געפירט לויט דער יידישער הלכה, כדי די מדינה זאָל זיין אַ מדינת התורה, וואָלט אונזער געזעלשאַפטלעך און סאָציאַל לעבן אַנדערש אויסגעזען.

איך וויל זיך אָפּשטעלן אויף נאָך צוויי זאַכן:

א) די חז"ל אין בבא בתרא באַשטימען אַ גאַנצע ריי פון הלכות וועלכע גייען היינט אַריין אין די ראַמען פון בויען שטעט און וואָלטן מיר געבויט לויט די הלכות, וואָלט אונזער בוי־אַרבעט געהאַט אַן אַנדער פנים. עס זיינען אויך פאַראַן ספּעציעלע הלכות וועגן די פליכטן פון די ועדי העיר אויפן געביט פון געזונטהייט, פון ריינקייט, פון וואַסער־פאַרזאָרגונג, וועגן, פלאַנצונגען א. אַ. וו.

פאַראַן אויך ספּעציעלע הלכות וועגן שטייערן, וועלכע באַזירן זיך אויף דעם יסוד פון „פּראָפּאָרציאָנעלע שטייערן", לויטן פאַרמעגן. אויך ספּעציעלע דינים וועגן די רעכט פון די איינוווינער און זייערע פליכטן א. אַ. וו.

ב) אַ באַזונדער קאַפּיטל איז דער ענין פון צדקה, וואָס איז מער ווי מכלומרשטע היינטיקע מאָדערנע „סאָציאַלע הילף". ־ער בלויזער נאָמען „צדקה" זאָגט שוין דעם גאַנצן אינהאַלט. ווען מען גיט צדקה טוט מען נאָר צדק און עס קומט נישט פאַר דעם קיין שום יישר־כוח און כיבודים...

אינטערעסאַנט איז, אַז ווען היינט גייט אַ גרויסער טייל פון סאָציאַלן בודזשעט אַוועק אויף אויסצוהאַלטן „ספּעציאַליסטן", וועמענס אויפגאַבע איז צו געפינען אַ וועג ווי אַזוי איינצושפּאָרן, מען זאָל אַ נויטבאַדערפטיקער פאַמיליע געבן אַ פונט ווייניקער, — זאָגט אונז די הלכה „אין בודקין למזונות", ו„כל הפושט יד נותנים לו"... גלייכצייטיק איז דאָ אַ גאַנצע שורה פון דינים ווער עס טאָר נישט נעמען קיין צדקה...

וואָלט מען זיך געפירט לויט דער הלכה, וואָלט זיך דאָן אפשר געפינען עמעצער וואָס וואָלט אָפּגענאַרט, נעמענדיק צדקה נישט דאַרפנדיק, אָבער מיר וואָלטן דאַן פאַרשפּאָרט אויסצוהאַלטן „ספּעציאַליסטן" אכטונג צו געבן אַז אַ מענטש זאָל חלילה נישט נעמען אַ פונט מער...



עס איז נישט מעגלעך אין צייטונגס־אַרטיקלען זיך אָפּצו־שטעלן אויספירלעך אויף די „תורת חיים" פון דער יידישער הלכה. די אויבנדערמאָנטע געציילטע פּרטים „ללמד על הכלל כולו יצא". ווי אַזוי די יידישע אמונה, תורה און מצוות איז דער לעבנס־וועג פאַרן יחיד און פאַרן כלל ישראל.

# פּרק ו

## באַמערקונגען און אויפקלערונגען

א) כ׳האָב קיינמאָל נישט געזאָגט און נישט געשריבן, אַז „אַ ייד קען זיין נאָר אַ מענטש, ווען ער אָרדנט איין זיין לעבנס־וועג אין די ראַמען פון אמונה, תורה און מצוות״. כ׳האָב געשריבן אין די אויבנדערמאָנטע פּרקים, אַז נאָר מיט די 3 יסודות: אמונה, תורה און מצוות קען אַ ייד זיין אַ „יידישער מענטש און אַ מענטש־לעכער ייד״ און אַז דאָס איז נוגע נישט בלויז דעם יחיד מישראל, נאָר אויך דעם כלל ישראל, דאָס יידישע פאָלק.

קיינער פון יידן מאמינים (עס רעדט זיך נישט פון עמי הארצים) האַלט נישט, אַז אַ ייד וואָס איז נישט קיין מאמין און היט נישט אָפּ די תורה און איז נישט מקיים מצוות — איז נישט קיין ייד. ער איז אַן עובר עבירה, אַ פושע־ישראל (בנוגע בין אדם למקום), אָבער ער הערט נישט אויף צו זיין אַ ייד, פּונקט אַזוי ווי אַ ייד, וואָס איז נישט מקיים מצוות שבין אדם לחברו, אָדער איז עובר עבירות שבין אדם לחברו איז אַ רשע, אָבער ער הערט נישט אויף צו זיין אַ ייד.

ב) אפילו „פושעי ישראל״ און „רשעים״ זיינען „מלאי מצוות כרימון״. אפילו יידן וואָס זיי טוען די מצוות נישט ווייל

אזוי שטייט אין דער תורה, נאָר ווייל זייער שכל האַלט, אַז מען דאַרף די מצוות טאָן, גייען זיי אַריין אין סוג פון יידישע מינים און אַפּיקורסים, אָבער זיי הערן נישט אויף דורך דעם צו זיין יידן. די עבירות וואָס זיי טוען, לעשן נישט אויס די מצוות וואָס זיי טוען. די מצוות הערן נישט אויף צו זיין מצוות.

ג) אַ ייד אַ מאמין מאַכט נישט קיין שום אונטערשיד צווישן יחיד און דעם פאָלק. ביידע קענען איינאָרדענען זייער לעבנס־וועג, אויב זיי ווילן, אויב זיי ווילן שטאַרק בכל לבבך ובכל נפשך, אין די ראַמען פון דער יידישער אמונה, תורה און מצוות. אוודאי איז דאָס נישט פון די לייכטע זאַכן. עס איז שווער צו זיין אַ ייד. זייער שווער אי אין ארץ־ישראל און לא כל שכן אין גלות. עס פרעגט זיך אָבער: און צו זיין אַ מענטש סתם, ער זאָל ראוי זיין זיך צו רופן מענטש, אפילו לויט די באַגריפן פון נישט־מאמינים — איז גרינג? איז לייכט? אָבער אַ ייד אַ מאמין, אַ ייד וואָס היט תורה און איז מקיים מצוות איז אים לייכטער און גרינגער צו זיין אַ ייד. ער פילט דעם „עול" ווייניקער. באַזונ־דערס ווען ער איז זוכה נאָך לאַנגער מי און אַרבעט צו זיין אַן עובד מאהבה. דאָס זעלבע אויך מיטן פאָלק ישראל. אוודאי איז נישט לייכט צו פירן מדינת ישראל אויף די יסודות פון אמונה, תורה און מצוות, באַזונדערס ווען מען וויל נישט. און מדינת ישראל אָן אמונה, אָן תורה, אָן מצוות, מיט „ידועה בציבור", מיט מתיר זיין אַן אשת־איש, וועלכע גראָבט אונטער יעדן מאָ־ראַלישן יסוד אינעם משפחה־לעבן, אָן שבת, אָן יום־טוב — איז לייכט צו פירן? מאַכט דאָס נישט אַ תל פונעם ייד, פונעם מענטש און פון דער יידישער מדינה?

דער אונטערשיד איז נאָר, אַז אַ תורה־לעבן, אַ תורה־מדינה

דערהויבט דעם יחיד און די מדינה צו אַ העכערער מדרגה פון ייִדישער און פון מענטשלעכער מאָראַל אויף אַלע געביטן פונעם לעבן, בשעת אַ יחידיש הפקר־לעבן, אַ מדינה הפקר־לעבן נידערט אַראָפּ דעם מענטש און די מדינה כמעט אין תהום.

ד) אַ ייִד הערט נישט אויף צו זיין אַ ייִד, אפילו ווען ער שמדט זיך. ער איז אויך דאַן מחוייב אָפּצוהיטן די ייִדישע תורה און מצוות. ווייל צו זיין אַ ייִד, איז נישט קיין „פּריוואַטע זאַך", ווי צו זיין אַ קריסט אָדער אַ מוסולמענער. אַ ייִד בלייבט אַ ייִד, ווען ער איז געבוירן ביי אַ ייִדישער מאַמע. זיין אָנגעהעריקייט צום ייִדישן פאָלק האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן ביי זיין מאַמען אין בויך. און אַזוי ווי מען קען נישט איינטוישן אַ מאַמע אויף אַן אַנדערע מאַמע, אַזוי קען מען נישט איינטוישן דאָס ייִדישע פאָלק, עס זאָל ווערן אַן אַנדער פאָלק. עס קען זיין אַן „עם כבד־עוון", אָבער עס בלייבט אַ ייִדיש פאָלק.

אָבער אַזוי ווי איינער וואָס איז נישט מכבד די מאַמע, ווער שמועסט נאָך, ווען ער באַהאַנדלט זי שלעכט, באַשמוצט זי — קומט אים נישט פאַר דעם „אַ קניפּ אין בעקל", כאָטש ער הערט נישט אויף צו זיין איר זון — אַזוי הערט דער פושע־ישראל, עובר עבירה, רשע און משומד, נישט אויף צו זיין אַ ייִד. „בנים אתם לד' אלוקיכם" — האָבן שוין געזאָגט גרויסע — אתם — אפילו שוגגין, אפילו מוטעין, אפילו מזידין... בלייבן זיי אַלע, אפילו קענען זייער ווילן, בנים לד' אלוקיכם. אָבער קינדער פאַרעטער קומט נישט די זעלבע זכויות ווי ערלעכע קינדער. מיר זיינען דעריבער מחוייב דעם משומד צו דערווייטערן פון דער מחנה ישראל און זיך דערווייטערן פון אים, כדי אים נישט צו געבן די

מענלעכקייט צו זיין אַ מסית ומדיח. פונקט ווי מ׳דאַרף אַ מאָל אַן אַנשטעקנדיקן קראַנקן איזאָלירן פון דער געזעלשאַפט כדי נישט אַנצושטעקן געזונטע מיט זיין קראַנקהייט; אַזוי ווי משוגעים, פאַרברעכער, מאָראַלישע און געזעלשאַפטלעכע, דאַרף מען אָפּזונ־דערן, ווייל סוף סוף דער וואָס מאַכט דעם שריט פון שמדן זיך, אויב ער וועט נישט זוכה זיין תשובה צו טאָן, וועלן זיינע קינ־דער אָדער קינדס קינדער במשך פון דער צייט, דורך אויסמישן זיך מיט גויים — אָפּפאַלן פון יידישן פאָלק.

ה) אוודאי איז אין גלות שווער צו זיין אַ ייד און לעבן אַ יידיש לעבן. דאָך מוז מען מודה זיין, אַז אפילו היינט, ווען מיר האָבן נישט אין גלות אַזעלכע תורה־צענטערן ווי עס זיינען געווען אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער איידער היטלער האָט אויסגעמאָרדעט זעקס מיליאָן יידן — זיינען יידן מאמינים, שומרי תורה ומקיימי מצוות, די וועלכע האַלטן אויף דעם המשך און קיום פונעם יידישן פרט און פון יידישן כלל. אוודאי קען קיין רייד נישט זיין אַז דאָס פאָלק זאָל אין גלות לעבן אַ יידיש לעבן. אַ יידיש לעבן פון פאָלק הייסט דאָך אַ יידיש מלוכה־לעבן. און אַ יידיש מלוכה־לעבן קען נישט זיין אין גלות. אמת, אַז אויך אַ ייד אַ יחיד, אַ מאמין, שומר תורה ומקיים מצוות קען זיך נישט אויסלעבן דאָס גאַנצע לעבן אין גלות אַלס תורה־לעבן, ע־זאָל זיין אַ יהודי שלם ווו ער לעבט אַ תורהדיק און שלימהדיק לעבן, ווייל אויך דעם יחיד פעלט דאָן דאָס יידישע מלוכהדיקע לעבן, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ מדינה. און צי ער וויל, צי ער וויל נישט — דרינגט גויאיש לעבן אַריין אין זיינע ד׳ אמות. אפילו די קדושה, די יידישע, איז אַרומגערינגלט ווו ער קערט

זיך און ווו ער ווענדעט זיך, מיט גויאישקייט; אפילו די קדושה געפינט זיך אין אויר ארץ העמים.

ו) כ'קען דאָ נישט אריינגיין אין פּרטים וועגן דעם חרם און איסור פון מערערע פרויען, וואָס עס האָט גוזר געווען רבנו גרשום מאור הגולה, אָדער דעם ענין פון רבית (פּראָצענט), אָדער דעם ענין פון „עין תחת עין" און זייער יסוד אין תורה שבכתב און תורה שבעל פה אויפן יסוד פון די „מדות" וואָס התורה נדרשת בהן, קען געפינען די יסודות ווער עס וויל אין דער גמרא און אין אַלע שפּעטערע פוסקים. אָבער דווקא דאָס באַווייזט דאָך, אַז די יידישע תורה שבכתב דורך דער תורה שבעל פה „האָט געפונען אַ גאַנצע ריי אַזעלכע מיטלען, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט די אַנטוויקלונג פון דער באַציאונג צו מענטשן". איז דאָך גוט! איז פאַרוואָס טאַקע נישט אָננעמען די תורה שבכתב און תורה שבעל פה אַלס יסוד פונעם לעבנס־וועג פון דער יידישער מדינה, פון מדינת ישראל? וואָס איז דער פּחד? אַזוי ווי די חז"ל און די בעלי־הלכה שפּעטער, פאַר וועלכע די תורה שבכתב און תורה שבעל פה איז געווען זייער וועגווייזער, האָבן געפונען דעם וועג זיינער צייט אין ענין פון עין תחת עין, שמיטה, פּרוזבול, מכירת חמץ א. א. וו. וועלן זיי אויך היינט געפינען דעם וועג, ווי אַזוי צו לייזן די עקזיסטענץ פון דער יידישער מדינה אינעם ליכט פון דער תורת ד' תמימה משיבת נפש.

ז) אָבער כדי די גדולי התורה און הלכה זאָלן צוטרעטן און קענען לייזן די מדינה־ און אירע לעבנס־עקזיסטענץ־פּראָבלעמען אינעם ליכט פון דער תורה — דאַרף דאָך די מדינה דורך דער כנסת און די רעגירונג זיין גרייט און וועלן בויען די יידישע

מדינה און איר לעבנס־אַרט אויף דעם יסוד פון דער יידישער אייגנאַרטיקייט, און אַלע וועלן דאָך מודה זיין, אַז די יידישע אייגנאַרטיקייט האָט איר אויסדרוק נאָר אין דער יידישער תורה שבכתב און שבעל פה. אויך די יידישע פילאָזאָפיע פון מיטלאַל־טער, און דער מוסר אין חסידות איז יידיש, ווייל זיי ציען זייער יניקה פון דער יידישער תורה. אַ יידיש אויסערלעך לעבן וואָס איז גלייך צום גויאישן לעבן, אַ יידיש אינערלעך לעבן אַזוי ווי גויים, אַ געדאַנקען־גאַנג — אַ גויאישער אפילו, ווען יידן פּרעדיקן אים — דאָס אַלץ איז נישט יידיש. דאָס אַלץ מאַכט נאָר יידן פאַר גויים און ווען דאָס גאַנצע יידישע פאָלק אין מדינת ישראל וואָלט געגאַנגען אין דעם וועג — וואָלט דאָס באַדייט דעם אונ־טערגאַנג פון יידן און פון יידישן פאָלק. נאָר אַ דאַנק די יידן, וועלכע לעבן נאָך מיטן „שמע ישראל ד׳ אלוקינו ד׳ אחד״ — זיינען יידן, דאָס יידישע פאָלק, די יידישע מדינה טראָגן אַלע זייערע פגמים — יידיש. די יידן, וועלכע לעבן מיטן שמע ישראל — זיינען דער כוח המעמיד אַלס יידן פונעם יידישן פאָלק און פון מדינת ישראל.

***

ווען אָבער מען וויל איבערהויפּט נישט די יידישע תורה, די יידישע הלכה אַלס וועגווייזער פונעם לעבן נישט פונעם יחיד און נישט פונעם כלל, — וואָס פאַרא טענה האָט מען, אַז די נושאי־התורה לייזן נישט די לעבנס־פּראָבלעמען, די מדינה־פּראָב־לעמען אינעם ליכט פון דער תורה. אין אַ „מדינת החוק״, ווו „ידועה בציבור״ איז מותר לבוא בקהל, ווו אַן אשת איש איז הפקר פאַר אַלע, ווו טריפה איז כשר ווו שבת און יום־טוב —

זיינען וואָכעדיק — וואָס האָבן נאָך די גדולי הלכה צו טאָן? אַלץ איז דאָך כשר וישר?! מען מעג דאָך אַלץ, וואָס בלייבט נאָך איבער אויף וואָס זיי דאַרפן אַ „היתר פון מאה רבנים“?! נאָר וואָס דען, טראָץ אַלעם לעבן פרומע יידן אַ יידיש לעבן לויט דער תורה, פאַר זיי איז אַזוי גרויס די זאָרג?! זיי זיינען מוחל טובות. פאַר זיי איז די תורה נישט קיין „עול“.

יאָ, ווען די מדינה, דאָס הייסט די כנסת, וועט וועלן לייזן די פאַרשידענע מדינה־פּראָבלעמען אינעם ליכט פון דער תורה, וועלן די גדולי התורה והלכה געפינען אַ לייזונג פּונקט ווי אין אַלע דורות האָט מען געפונען לייזונגען. אין אַלע דורות זיינען געוועזן די תקנות כדי לקיים את התורה.

ח) מען איז נישט צופרידן פון די תלמוד־יידן. מען וויל נישט אָננעמען זייערע פירושים. מען לאַכט זיך אויס פון שמיטה, מכירת חמץ א. א. וו. וואָלט זיך דאָך געלייגט אויפן שכל, אַז לפחות ווילן זיי זיין תנ״ך־יידן — נו, איז וואָס איז מיט שבת, מיט כשרות, מיט תפילין א. אַ. וו. מילא אויף „עין תחת עין“ — מוחל... וואָס איז אָבער מיט די איבעריקע דינים פון דער תורה, און נישט בלויז בין אדם למקום, נאָר אפילו בין איש לרעהו? „ידועה בציבור“, „מעשי תועבה“, „אשת איש“ איז דאָס תנ״כיש און מענטשלעך?

ט) כ׳פאַרשטיי די זאָרג פאַר עגונות, חליצה, כהן וגרושה. איז קודם כל וואָס איז נוגע עגונות — דאַכט זיך, אַז קיין יידישע מאַכטער האָט זיך נישט צו באַקלאָגן אויף דעם געביט. רבנים דווקא אין די ראַמען פון דער הלכה טוען לפנים מכל שורת הדינים, צו געפינען אַ וועג פאַר עגונות צו קענען חתונה האָבן.

וואָס איז נוגע חליצה, כהן וגרושה — אדרבה: זאָל מדינת ישראל פאַרפּליכטן, אַז נישט־פרומע ידן וועלן זיך פירן לויט דער יידישער הלכה און די גדולי התורה וועלן געפינען אין דער הלכה, אויף אירע יסודות — דעם וועג צו לייזן די פּראָבלעמען.

אוודאי „יש כוח ביד חכמים לעקור דבר מן התורה". אָבער נאָר כדי לקיים את התורה, אָבער נישט כדי לעקור את התורה. פּונקט אַזוי ווי מען איז מחוייב מחלל שבת צו זיין בפיקוח נפש, כדי מקיים צו זיין דעם שבת, אָבער נישט חילול שבת, כדי מבטל צו מאַכן דעם שבת...

י) פריינט גרינבוים פרעגט: צי מיינע חברים פון הפועל המזרחי אין כנסת וועלן זיין גרייט צו שטימען פאַר אַרבעטער־נעזעצן לויט דער יידישער הלכה? — יאָ! איז מיין ענטפער אַ קלאָרער. אָבער פריינט גרינבוים איז מיר נישט מחוייב צו גלויבן. דער וועג איז אַ פּשוטער: פריינט גרינבוים דאַרף נאָר באַקומען דערויף די הסכמה פון „מערך" און פון מפ"ם. פאַר דער הסכמה פון מיינע חברים און נישט בלויז פון מיינע חברים, נאָר אויך פון די חברים פון אגודת ישראל און פועלי אגודת ישראל, נעם איך אויף מיר...

יא) אַ זייטיקע באַמערקונג: לויט דער יידישער הלכה באַשטימען — נישט דער פאָטער און נישט די מוטער די יידישקייט פון זייערע קינדער. די יידישקייט איז באַשטימט ווען דאָס קינד איז נאָך, ווי געזאָגט, אין דער מאַמעס בויך, אויב זי איז אַ יידיש קינד...

***

ווענן דער צוקונפט פון יידישקייט און יידן אין מדינת ישראל און אין גלות: פאַר אַ ייד אַ מאמין זיינען נישט דאָ קיין ספקות. אַי יידישקייט אי יידן וועלן אייביק זיין אי אין גלות אַזוי לאַנג ווי דאָרט וועלן זיך געפינען יידן, אי אין מדינת ישראל. דאָך הארץ טוט וויי, זעענדיק ווי די וועלכע האָבן געחלומט ווענן גאולה פאַרן יידישן פאָלק, טוען אַלץ בכוונה אָדער שלא־בכוונה, עס זאָלן זיין וואָס ווייניקער יידן אויף דער וועלט דורך אוועק־וואַרפן יידישקייט און זיך אויסמישן מיט נישט־יידן; זיי טוען אַלץ, אַז מדינת ישראל זאָל נישט זיין קיין אמתע יידישע מדינה, און דער „עם היושב בציון" זאָל זיין אַן „עם אחר", נישט דער המשך פון יידישן פאָלק. נישט טראַכטנדיק אפילו אַז אויב אַזוי זיינען דאָך די פאַרשידענע כנענים גערעכט, אַז דאַן האָבן די אַראַבער מער רעכט;

יידן מאמינים ווייסן, גלויבן און זיינען זיכער, אַז די אַלע „חכמות" פון מאַכן פון אונז אַן אַנדער פאָלק, וועלן נישט מצליח זיין. דאָס האָבן שוין געפּרוווט טאָן מיט גוטן און מיט בייזן יידן און גוים און זיי האָבן נישט מצליח געווען און „עם ישראל חי וקיים", ווייל דבר ד׳ יקום לעולם. און דער רבונו־של־עולם האָט אונז מבטיח געווען „כי לא יטוש ד׳ עמו" און אויך „ונחלתו לא יעזוב" צו נישט־יידן.

דעריבער, אַזוי ווי די יידן וועלן נישט ווערן אַן „עם אחר", אַזוי וועט מדינת ישראל נישט ווערן אַ „מדינה אחרת". ביידע וועלן בלייבן יידיש!

„נצח" — זאָגן יידן צום רבונו־של־עולם — „ישראל לא ישקר"! וואָס מיר זיינען מיר, אָבער יידן זיינען מיר!...

# פרק ז

# רעזשים

אויב עס איז געווען נויטיק צו באווייזן, אַז דער מענטשלעכער פּראָבלעם, ווי אַזוי צו דערגרייכן גלייכהייט, פרייהייט, באַפרייאונג פון פּחד קען מען נישט לייזן בלויז דורך רעזשים — אַזאַ רעזשים אָדער אַן אַנדערער — איז פּופּציק יאָר רוסישער קאָמוניזם דער בעסטער באַווייז.

די פּופּציק יאָר האָבן ווידער באַשטעטיקט, אַז נישט דער רעזשים שאַפט דעם מענטש און פאַרמירט זיין מענטשלעכקייט אָדער חיהשקייט, נאָר פאַרקערט: דער מענטש לויט דער מאָס מענטשלעכקייט וואָס ער פאַרמאָגט, פאַרמירט דעם רעזשים.

נאָך מער: אַפילו ווען גוטע מענטשן מיט די בעסטע כוונות פּלאַנירן, שאַפן און שטעלן אויף גוטע רעזשימען, אויב אָבער די אויספירונג פאַלט אַריין אין שלעכטע הענט — פאַרוואַנדלען זיי דעם בעסטן רעזשים אין אַ גיהנום. דאָס איז ווידער אַ באַווייז, אַז אַלץ איז אָפּהענגיק פונעם מענטש.

אַוודאי, אין אַ שלעכטן רעזשים קען דער בעסטער מענטש נישט העלפן קיין סך און נישט פיל אויפטאָן. עס דאַרף אָבער זיין קלאָר, אַז גוטע מענטשן אַרבעטן, קעמפן און באַמיען זיך צו שאַפן אַ גוטן רעזשים.

קענען מענטשן, אויך גוטע, לעבן אָן א ראַם, אָן א רעזשים? ניין. דאָס איז אַנאַרכיע. מעגלעך, אַז אין דער אַמאָליקער צייט, ווען דער מענטש האָט געצויגן זיין חיונה פון דער ערד און פון פּאַשען שעפּסן בלויז — איז עס מעגלעך געווען. עס איז אויך נישט זיכער. והא־ראיה — קין. למעשה, זיינען שטענדיק, אפילו אין די פּריסטע צייטן געווען רעזשימען: משפּחה־רעזשים, שבט־רעזשים א. א. וו. אין דער היינטיקער טעכנאָלאָגישער וועלט, קאָמוניקאַציע א. א. וו. איז דאָס אוודאי נישט מעגלעך. מעגלעך אָבער, אַז אַזוי ווי מיט דער צייט זיינען אָפּגעפאַלן משפּחה־ און שבט־רעזשימען, קען זיין, אַז מיר דערנענטערן זיך צו א תקופה פון א מער ענגערע און בשותפותדיקע צוזאַמענאַרבעט אויף פאַרשידענע געביטן פונעם לעבן און באַציאונגען צווישן פעלקער און לענדער; מעגלעך, אַז די בשותפותדיקע צוזאַמענאַרבעט וועט מיט דער צייט אויך אָפּווישן געוויסע גרענעצן צווישן לענדער און פעלקער; מעגלעך, אַז דער בשותפותדיקער אייראָפּעאישער מאַרק איז אַן אתחלתא דאתחלתא פון דעם, טראָץ אַלע שוועריקייטן.

איינס איז אָבער קלאָר: דער מענטש, זיין ווילן, זיין שטרעבן, זיין שטרעבן צו דערהויבונג אָדער צו ירידה, ער וועט באַשטימען דעם גורל פון דער מענטשהייט צו עליה אָדער ירידה, צו שלום אָדער מלחמה, צו פּחד אָדער פאַרקערט, צו רואיקייט אָדער אומרו־איקייט. און לויט דעם וועט אויך באַשטימט ווערן דער גורל פון די רעזשימען.

דער מענטש און זיין דערציאונג דאַרף דעריבער שטיין אין צענטער פון דער מענטשלעכער פּראָבלעמאַטיק. אדם יחידי נברא.

דער קאָמוניזם האָט דעם מענטש נישט צוריקגעגעבן די

מענטשלעכקייט; האָט אים נישט באַפרייט פון שרעק און פאַר־שקלאַפונג; האָט אים נישט געלאָזט די ברירה צו טראַכטן און לעבן לויט דער איינענער בחירה. פאַרקערט, אַפילו קאָמוניסטישע פירער האָבן בחירה נאָר ווען זיי האַלטן די מאַכט אין דער האַנט. אויך דאַן לעבן זיי אין שרעק און אין פחד פאַר זייער מאָרגן.

אין דער ערשטער צייט פונעם רוסישן קאָמוניזם האָט מען זיך פאַרענטפערט, אַז די אַלע פאַרגוואַלדיקונגען פון דער מענטש־לעכער פרייהייט און אַוועקרויבן דאָס לעבן פון הונדערטער טויזנ־טער מענטשן — דאָס זיינען קרבנות אויפן מזבח פון נייעם עזשים. מיר זיינען אָבער עדות, אַז דער מזבח שטייט ווייטער און די מענטשלעכע קרבנות הערן נישט אויף. עס מאַכט דעם איינ־דרוק, אַז דער נאַנצער רעזשים איז נישט מער ווי אַ סאַדיסטישער מזבח, וועלכער פאַרלאַנגט אומאויפהערלעך מענטשלעכע קרבנות.



פופציק יאָר רוסישער קאָמוניזם לערנט אונז, אַז מען מוז צוריקשטעלן דעם מענטש אינעם צענטער. דערציען דעם מענטש צו זיין געטריי און ערלעך צו דער מענטשלעכקייט, וואָס איז דאָ אין אים, צו דער נשמה שנתת בי; וויסן, אַז דער מענטש האָט אין זיך אַ חלק אלוקי ממעל און ער דאַרף זיין אַ מתדבק במדותיו של הקדוש ברוך הוא. מה הוא רחום. רחום מיינט מען נישט בלויז רחמנות. רחום איז אויך טייטש ליב האָבן.

די צוויי יסודות אין יידנטום: די צוויי אהבות — ואהבת את השם אלוקיך און ואהבת לרעך כמוך, דאָס איז דער וועג, וואָס פירט צום גליק פון דער מענטשהייט.



ווי אַזוי מאַכט מען דאָס?

זאָל די נישט־יידישע מענטשהייט זיך דערציען און אויף
זיך נעמען מקיים צו זיין די שבע מצוות בני נוח; זאָלן יידן
מער מקיים זיין די צוויי אהבות דורך תרי״ג מצוות — דאַן
וועלן מיר צוקומען צו דער מדרגה פון ולא ילמדו עוד מלחמה,
ממילא ולא ישא גוי אל גוי חרב.

ביידע אהבות זיינען אָפּהענגיק פון אמונה. אין אמונת אמת,
און נישט אין אמונת שקר. ווייל דער אמת איז דאָך, אַז די אַלע
וועלכע פירן מלחמה קעגן אמונה — גלויבן דאָך. נאָר זיי גלויבן
אין אַ שקרדיקער אמונה. דעריבער איז אין לה רגלים, האַלט זי
זיך נישט.

אמונת אמת איז, אַז עס איז דאָ אַ ג־ט אויף דער וועלט. איין
ג־ט, וועלכער האָט די וועלט באַשאַפן. אויפהערן גלויבן אינעם
פאַלשן ג־ט פון כוחי ועוצם ידי.



שטעלט מען די פראַגע: פאַרוואָס זיינען נענוג פאַר אַלע
פעלקער די שבע מצוות און מיר יידן נייטיקן זיך אין תרי״ג?
— די פראַגע איז אַ נאַרישע. אַזוי ווי נישט אַלע קינדער ביי
איין טאַטע־מאַמע דאַרפן דעם זעלבן דערציאונגס־סיסטעם און
אַפילו נישט די זעלבע שפּייז אמאָל — דאָס זעלבע אויך אין
דער גאַנצער מענטשהייט. כאָטש מיר אַלע, דער כלל מענטש־
הייט, זיינען מיר קינדער פון איין טאַטן „א־ל אחד בראנו״ —
זיינען מיר פאַרשידנאַרטיק און מיר דאַרפן יעדער באַזונדער
אַנדערע וועגן און סיסטעמען ווי אַזוי זיך צו דערציען, צו פלעגן
אין אונז די ג־טלעכע מענטשלעכקייט. אשר בחר בנו מכל העמים
ונתן לנו את תורתו. אָבער אויך אַנדערע פעלקער האָט דער רבונו־
של־עולם געגעבן לעבנס־רעכט: ייצב גבולות עמים.

# כרמי שלי לא נטרתי

מיר, יידן, דאַרפֿן לערנען פֿון פופציק יאָר רוסישער קאָמו־ניזם, אַז מיר זאָלן מער טראַכטן ווי אַזוי זיך מתקן צו זיין; ווי אַזוי זיך צו באַפרייען פֿון דער אָפּגעפּרעמדקייט פֿון זיך אַליין, וואָס איז אַ רעזולטאַט פֿון לעבן צווישן פרעמדע פֿעלקער; ווי אַזוי צו פֿאַרזיכערן דעם המשך און קיום פֿונעם יידישן פֿאָלק און זיין צוריקקער קיין ארץ־ישראל; בויען מדינת ישראל אינעם גייסט פֿון דער יידישער אמונה און פֿונעם יידישן לעבנס־אַרט.

דאַרף מען נישט פֿאַרלייקענען, מען קען עס אויך נישט, דעם חלק פֿון יידן אין אַנטוויקלען דעם קאָמוניזם און אין זיין פֿאַר־ווירקלעכן אים מיט פֿופציק יאָר צוריק בשעת דער קאָמוניסטישער איבערקערעניש אין רוסלאַנד. עס וועט נישט זיין איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז יידן־קאָמוניסטישע פֿירער האָבן דורכגעפֿירט די רעוואָ־לוציע.

זיי האָבן דאָס געטאָן געטריי מיט זייער גאַנצער נשמה און האַרץ, גלויבנדיק, אַז דערמיט באַפרייען זיי די מענטשהייט און אויך יידן אַלס אַ טייל פֿון דער מענטשהייט — פֿון פֿאַרשקלאַפֿונג, פֿון אונטערדריקונג, פֿון דיסקרימינאַציע. און אויב דאָס גאַנצע רוסישע פֿאָלק, אויסער די, וועלכע זיצן ביי דער מאַכט היינט (וואָס עס וועט מיט זיי זיין מאָרגן, ווייסן זיי אַליין נישט), האָבן זייער טייער באַצאָלט — האָבן יידן באַצאָלט כפל־כפלים און עס איז נאָך נישט געענדיקט.

דאָס אומברענגען כמעט אַלע יידישע פֿירער, די מלחמה קעגן דער יידישער אמונה און קעגן דער יידישער רעליגיע, דאָס באַ־רויבן יידן פֿון זייער פֿרייהייט און זייערע מענטשלעכע רעכט זיך אויסצולעבן ווי יידן; דאָס נישט לאָזן פֿאַראייניקן עלטערן

מיט קינדער און פּאַרקערט, נישט אין ישראל און נישט אין אַנדערע לענדער, דער פּחד און שרעק — דאָס אַלץ ווייזט, אַז די אַלע יידישע קאָמוניסטן האָבן געהאַט אַ טעות אין חשבון, אַז קאָמוניזם וועט ברענגען פרייהייט יידן אַלס יחידים לפּחות.

לא כל שכן, אַז דער קאָמוניזם (אויסער רומעניע) איז היינט דער גרעסטער קעמפער קעגן יידישן פאָלק אַלס כלל. פון דאַנען די מלחמה קעגן מדינת ישראל. עס איז נישט בלויז אַ צופאַל צוליב די באַציאונגען מיט די אַראַבער, קעגן אַמעריקע. עס איז אויך אַ אין דעם אַ שטיק אידעאָלאָגיע.

וועט מען פרעגן: נו, און אין 1948 ? — אמת: מאָסקווע איז דאַן מיטגעריסן געוואָרן אויף איין מינוט מיטן מענטשלעכן געוויסן. און זי האָט אויך געהאַט אַן אינטערעס: מלחמה קעגן ענגלאַנד. אָבער עס האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. מען דאַרף נישט פאַרגעסן: ביים ערגסטן מענטש דערוועקט זיך אַמאָל אַ מענטש־לעך־ג־טלעכער פונק אויף אַ רגע..

זאָל דאָס דינען אַלס לעקציע פאַר אַלע יידישע פירער אין דער גאַנצער וועלט און אין אַלע רעזשימען, אַז זיי זאָלן אוועקגעבן זייערע כוחות, זייערע פעאיקייטן, זייער אינטעלעקט פאַר דעם יידישן פאָלק, פאַר דער יידישער מדינה, פאַר זיך אַליין אַלס מענטשן און יידן. פאַר זייערע טאַטע־מאַמע: פאַרן יידישן פאָלק, וואָס איז זייער טאַטע און פאַר ארץ־ישראל, וואָס איז זייער מאַמע... די מאַמע ציון.

## נישט מלחמה און נישט שלום

דער קאָמוניזם אין באַצוג צו מדינת ישראל האַלט ווייטער אַן טראָצקיס לאָזונג (טראָץ דעם וואָס אים האָט מען דערמאָר־דעט) פון נישט מלחמה און נישט שלום.

מעגלעך, אַז מאָסקווע איז פאַראינטערעסירט אין אַ קליין ייִדיש מדינהלע, וועלכע זאָל איר דינען אַלס בייטש קעגנאַיבער די אַראַבער; מעגלעך, אַז מאָסקווע איז נישט פאַראינטערעסירט צו פאַרניכטן מדינת ישראל, כאָטש עס איז שווער אין דעם צו גלויבן. דאָס שטימט נישט מיט איר האַלטונג פאַר דעם אויסברוך פון דער זעקס־טאָגיקער מלחמה — אָבער איינס איז קלאָר, זי וויל נישט, אַז מיר זאָלן האָבן שלום. זי וויל כלפּי מדינת ישראל — נישט מלחמה און נישט שלום. בעצם איז דאָס איר שיטה אויך אין דער אַלגעמיינער וועלט־פּאָליטיק: נישט מלחמה און נישט שלום.



דאָס איז דער רעזולטאַט פון גלויבן אין רעזשימען און פאַרשקלאָפן מענטשן צו רעזשימען, באַזונדערס ווען אין דער שפּיץ שטייען מענטשן, וועלכע נוצן אויס דעם רעזשים פאַר דער באַרויבונג פון דער פּערזענלעכער פרייהייט און פון דער קאָלעקטיווער פרייהייט.

דאָס איז צווישן אַנדערע די לעקציע פון פופציק יאָר רוסישן קאָמוניזם.



פרעגט מען: נו, אייזענהאַוער בשעת דער סיני־אַקציע, דעגאָל איצט? — איז דער ענטפער: טאַקע דאָס איז דער בעסטער באַווייז, אַז נישט דער רעזשים איז דער עיקר, נאָר דער מענטש.

(תם ולא נשלם)

